# אַט אַזוי לאַכט אַ שנײַדער




פֿון

## אַב. הערשקאָוויץ

# אינהאַלט :

## ניט אַלע מאָל האָבן שניידערס געלאַכט

דאָס בוך פֿון אַב. הערשקאָוויץ, וואָס מיר ברענגען דאָ פֿאַר די לעזער, גיט איבער אַ ריי עפּיזאָדן פֿון לעבן פֿון ייִדישן שנײַדער אין אַמעריקע.

אַב. הערשקאָוויץ, וועלכער איז אַליין געווען אַ שנײַדער און האָט מיטגעמאַכט דאָס לעבן פֿון דער אַמאַלגאַמייטעד קלאָדהינג וואָירקערס יוניאָן פֿון ערשטן טאָג פֿון איר אַנטוויקלונג, האָט אין משך פֿון יאָרן טאָג־טעגלעך געלעבט מיט דעם שנײַדערס קאַמפֿן פֿאַר זײַן עקסיסטענץ און פֿאַר זײַן יוניאָן. די מעשיות, וואָס ער דערציילט אונדז, האָט ער געהערט אויף דער שנײַדערשער בירזשע, בײַ די לאָקאַל־מיטינגען, אין די יוניאָן־אָפֿיסעס און אין די סטרײַק־זאַלן. ער האָט נאָר באַאַרבעט די הומאָריסטישע פֿאָרם פֿון די מעשיות.

די גרעסטע צאָל פֿון די מעשיות געהערן צו דער ערגסטער צײַט פֿון דעם אַרבעטער לעבן אין ניו־יאָרק, צו יענער צײַט, ווען די אַרבעטער האָבן זיך געדאַרפֿט ביטער ראַנגלען כּדי צו געווינען קירצערע אַרבעט־שטונדן און העכערע שכירות, כּדי זייער היים זאָל זײַן וואַרעמער און זייער לעבן זאַטער.

אָט אין יענער צײַט, ווען מענטשן האָבן געדאַרפֿט זיין פֿאַרביטערט צו אַלץ וואָס רינגלט זיי אַרום, ווען אין זייער האַרצן האָט געדאַרפֿט זיך אַרײַנגנבענען שנאה — און אפֿשר איז זי אויך געווען — צו די באַדינגונגען פֿון זייער לעבן, אָט אין יענער צײַט, האָט דער ייִדישער שנײַדער באַגעגנט זײַן שווערע לאַסט מיט שפּאָס און גלײַכוואָרטלעך, וועלכע האָבן אין די זאַלן און אויף די בירזשעס און בײַ די לאָקאַלע מיטינגען אַרויסגערופֿן פֿריידיקן געלעכטער.

זײַן ביכל האָט אַב. הערשקאָוויץ אַ נאָמען געגעבן: „אָט אַזוי לאַכט אַ שנײַדער". אָבער אַלע דאַרפֿן וויסן אַז אין יענער

צײַט האָבן שנײַדער ניט אַלע מאָל געלאַכט. די שנײַדער־יוניאָן װעלכע איז באַקאַנט אין יידישן לעבן און אין גאַנץ אַמע־ריקע אונטער דעם נאָמען אַמאַלגאַמייטעד, האָט אויסגעקעמפֿט פֿאַר די אַרבעטער גוטע און מענטשלעכע באַדינגונגען. װען זיי דערמאָנען זיך היינט אָן יענער שװערער צײַט, מיט אַלע אירע איבערלעבונגען, דוכט זיך זיי אַז דאָס איז געשען לאַנג, לאַנג צוריק. אָבער יענע צײַט מוזן אַלע געדענקען, כּדי װי געהעריק איז אָפּצושאַצן די היינטיקע צײַט.

אַב. הערשקאָװיצעס ביכל װעט זײַן אַ דערמאָנונג פֿון יענער צײַט. מענטשן װעלן דאָס לייענען און האַרציק לאַכן און הנאה האָבן פֿון שנײַדערישן הומאָר, פֿון שנײַדערישער גוטמוטיקייט.

איך בין זיכער אַז יעדערער װאָס װעט לייענען הערשקאָװיצעס ביכל װעט הנאה האָבן און אים דאַנקבאַר זײַן װאָס ער האָט זיך גענומען די מי די אַלע עפּיזאָדן צו באַצייכענען און ברענגען צום לייענער.

נ. כאַנין

# אַ דאַנקוואָרט

איך וויל אויסדריקן מײַן האַרציקן דאַנק צו די וואָס האָבן מעגלעך געמאַכט אַז מײַנע עפּיזאָדן פֿון דעם לעבן פֿון ייִדישן אַרבעטער אונטער דעם נאָמען: „אָט אַזוי לאַכט אַ שנײַדער" זאָלן קענען געדרוקט ווערן.

צו נחום כאַנין, וואָס האָט דער ערשטער זיך פֿאַראינטערע־סירט מיט מײַנע מעשיות און מיך דערמוטיקט אַרויסצוגעבן דאָס בוך. אויף זײַן איניציאַטיוו האָט זיך געגרינדעט אַ קאָמיטעט פֿון ייִדישע אַרבעטער־פֿירערס וואָס האָבן געשאַפֿן די נייטיקע סומע דאָס ביכל אַרויסצוגעבן.

צו לואיס האָלענדער, און אַלע פֿירערס און באַאַמטע פֿון דער אַמאַלגאַמייטעד קלאָדהינג וואָרקערס אָוו אַמעריקע, וואָס האָבן געגעבן די גרעסטע באַשטײַערונג, ווי אויך צו אַ גרויסער צאָל פֿרײַנד, פֿירערס און באַאַמטע פֿון דער אינטערנעשאָנאַל לײדיס גאַרמענט וואָרקערס יוניאָן, וואָס האָבן מיט אַ ברייטער האַנט בײַגעשטײַערט צו דעקן די קאָסטן פֿון בוך.

צו זלמן יעפֿרויקין, פֿאַרן רעדאַגירן דאָס בוך און בכלל פֿאַר זײַן זאָרגן זיך אַז דאָס ביכל זאָל אַרויס אין אַ שיינער פֿאָרם.

צו דעם אַרטיסט לאָלאַ, פֿאַר זיין פֿײַנער צייכענונג אויפֿן שער־בלאַט.

צו זיי אַלעמען אַ האַרציקער דאַנק!

דער פּראָפֿיט וואָס דאָס בוך וועט אַרײַנברענגען, וועט גיין פֿאַר וויכטיקע אַרבעטער־אינסטיטוציעס לויט די באַשטימונגען פֿון קאָמיטעט.

אב הערשקאָוויץ

פעברואַר, דעם 15טן, 1947.

# דער „מאַרטירער"

## אַ מאָנאָלאָג פֿון אַ יוניאָן־טוער

### א.

— „איר הערט!" — שטעלט מיך אַ מאָל אָפּ אין גאַס אַ באַקאַנטער יוניאָן־טוער און נעמט מיך טרייסלען ביים לאַץ פֿון ראָק — „כ'האָב אייך צו דערציילן אַ מעשה וואָס איז ווערט איר זאָלט זי באַשרייבן אין די „פּייפּערס". איך זאָג אייך אַזאַ מעשה קען נאָר טרעפֿן דאָ אין אַמעריקע, ווייל נאָר אויף דער אַמעריקאַנער ערד קענען אויסוואַקסן אַזעלכע פּירות, איך מיין, אַזעלכע העלדן און מאַרטירערס. נישקשה, איר מעגט הערן די מעשה, איר וועט הנאה האָבן, און ווען איר וועט עס באַשרייבן, וועלן מענטשן וואָס וועלן לייענען, קייכן פֿון געלעכטער".

מיט אַזעלכע רייד איז דער דאָזיקער יוניאָן־טוער מיך באַ־פֿאַלן און ער איז באַשטאַנען אַז, נישט אַנדערש, איך מוז מיט אים אַריינגיין אין אַ רעסטאָראַן און דאָרט אין רעסטאָראַן וועט ער מיר „פּאָדראָבנע" דערציילן די מעשה וועגן דעם העלד און מאַרטירער פֿון זיין יוניאָן, וואָס איז כּדאַי צו באַשרייבן אין די בלעטער.

אַז מיר האָבן זיך אַוועקגעזעצט אין רעסטאָראַן ביי אַ טישל האָט מיין פֿריינד גענומען דערציילן זיין מעשה:

— „איר זייט דאָך זיכער באַקאַנט" — האָט ער אָנגעהויבן — „מיט דער געשיכטע פֿון אַרבעטער־מאַרטירערס אויף יענער זייט ים און אויך דאָ אין אַמעריקע. אַ מאַרטירער ווייסט איר, איז איינער וואָס האָט זיך מקריבֿ געווען און זיך נישט אָפּ־געשטעלט פֿאַר קיין זאַך צו קעמפֿן פֿאַר זיינע פּרינציפּן. אָבער

אזא „מאַרטירער". וועגן וועמען איך וועל אײַך איצט דערציילן, קען געבוירן ווערן נאָר אין אזא לאַנד ווי אַמעריקע. הערט און וואונדערט זיך!"

*****

— די מעשה האָט געטראָפֿן אין אַ קליין שטעטל, אין דזשווירזי, אַ שטעטל אַזוי ווי אַלע אַמעריקאַנער שטעטלעך. אין דעם דאָזיקן שטעטל האָבן געוואוינט עטלעכע טויזנט גויִים און אַרום דרײַ הונדערט ייִדישע פֿאַמיליעס. די גויִים און די ייִדן האָבן אין משך פֿון יאָרן געלעבט אין שלום צווישן זיך. די ייִדן האָבן געפֿירט געשעפֿטן, און די גויִים האָבן זיך באַשעפֿטיקט בײַ פֿאַרשיידענע מלאכות און אויך געאַרבעט אין די עטלעכע פֿאַבריקן פֿון שטעטל, פֿאַבריקן וואָס האָבן נישט באַלאַנגט צו די ייִדישע טריידס.

טרעפֿט זיך אזא מעשה. איין מאָל, אין אַ פֿינצטערער נאַכט, זײַנען צו די פֿאַבריקן צוגעפֿאָרן עטלעכע שווערע טראָקס. לאַסט־טרעגערס זײַנען אַרײַן אינעווייניק, אַרויסגענומען אַלע מאַשינען — אַזוי אַז עס זײַנען פֿאַרבליבן נאָר פֿיר ליידיקע ווענט — אַרויפֿגעפּאַקט די מאַשינען אויף די טראָקס און פֿאַרשוואונדן אין דער פֿינצטערער נאַכט אַרײַן. אין שטעטל זײַנען פֿאַרבליבן די פֿאַבריקן מיט די פֿיר ליידיקע ווענט און עטלעכע הונדערט אַרבעטסלאָזע גויִים מיט זייערע פֿאַמיליעס, וועלכע זײַנען געוואָרן ברויטלאָז. גיי שרײַ חי וקיים!

זײַנען דאָך אָבער פֿאַראַן ייִדן וואָס מוזן שטעקן זייער נאָז אומעטום, אַפֿילו דאָרט וואו מען דאַרף זיי ניט און מען בעט זיי ניט. דאַכט זיך, וואָס איז דאָס זייער עסק וואָס עטלעכע הונדערט גויִים זײַנען געבליבן אַרבעטסלאָז? זאָלן זיי, די גויִים, ברעכן זיך די קעפּ און זוכן מיטלען צו געפֿינען באַשעפֿטיקונג פֿאַר די, וואָס האָבן פֿאַרלוירן זייערע דזשאָבס.

מוזן דאָך אָבער די ייִדן ווײַזן אַז זיי זײַנען גאַנצע קנאַקערס, רופֿן זיי צונויף דאָס גאַנצע שטעטל צו אַ פּראָטעסט פֿאַרזאַמ־

לונג קעגן די באַלעבאַטים וואָס האָבן אַרויסגעפירט די פאַ־בריקן. וועט איר דאָך אוודאי מיינען אַז די דאָזיקע פּראָטעס־טירערס האָבן עפּעס געטאָן קעגן די באַלעבאַטים וואָס זיינען אַנטלאָפן פון שטעטל. מאַכט איר אַ טעות! די פאַרזאַמלונג האָט דערוויילט אַ קאָמיטע, ניט חלילה צו צווינגען די אַנט־לאָפענע באַלעבאַטים צוריק צו ברענגען די פאַבריקן אין שטעטל, נאָר צו זען ברענגען אין שטעטל אַנדערע באַלעבאַטים פון אַנ־דערע טרעידס און עפענען נייע פאַבריקן.

ב.

צום שלים־מזל פון אונדזער יוניאָן האָט די קאָמיטע זיך געווענדט צו עטלעכע באַלעבאַטים פון אונדזער אינדוסטריע, זיי צוגעזאָגט גאָלדענע גליקן און אַזוי אַרום זיי באַוואויגן זיך אַריינצוקלייבן מיט זייערע פאַבריקן אין שטעטל. די טשעמ־בער אָוו קאָמערס האָט זיי פאַרזיכערט אַז פאַר 5 יאָר צייט וועלן זיי ניט דאַרפן צאָלן קיין רענט. די שטאָט־רעגירונג האָט זיי פאַרזיכערט אַז מיילן ווייט פון די פאַבריקן וועט מען ניט צולאָזן קיין יוניאָן־אָרגאַניזער, און זיי וועלן קענען טאָן וואָס זייער הארץ גלוסט. ס'וועט זיי זיין גוט ווי גאָט אין אָדעס.

די פאַרהאַנדלונגען צווישן די פירערס פון שטעטל און די באַלעבאַטים פון אונדזער אינדוסטריע אין ניו־יאָרק זיינען נאַטירלעך פאַרגעקומען בסוד סודות. און אין איין שיינער נאַכט, פונקט ווי אין יענער פינצטערער נאַכט, פון וועלכער עס האָבן זיך אָנגעהויבן אַלע צרות, זיינען אין שטעטל צו די פאַבריק־געביידעס צוגעפאָרן עטלעכע טראָקס פון ניו־יאָרק, אָבער דאָס מאָל ניט קיין ליידיקע, נאָר אָנגעלאָדענע מיט פאַר־שיידענע מאַשינען. אויף גיך האָבן זיך די טראָקס אויסגעליי־דיקט פון אַלע מאַשינען און פאַרשוואונדן אין דער נאַכט.

צו מאָרגנס ווען אונדזערע יוניאָן־באַאַמטע זיינען ווי גע־וויינלעך געקומען אין אָפיס אין ניו־יאָרק האָבן זיי צו זייער איבערראַשונג שוין דאָרטן געפונען אַ גרויסן עולם אַרבעטער. ס'האָט אויסגעזען פונקט ווי אין אַ טאָג פון אַ גענעראַל־סטרייק. מען האָט זיך באַלד דערוואוסט וואָס עס איז געשען, די אַרבע־

טער האָבן געוואָלדעוועט אַז ווען זיי זײַנען געקומען אין דער פֿרי צו דער אַרבעט, האָבן זיי געפֿונען די שעפּער אויסגע־לײדיקטע און פֿאַרהאַקטע. ס'איז געוואָרן אַ גרויסע סומאַטאָכע און די גאַנצע יוניאָן איז געגאַנגען אויף רעדלעך.

די פֿירערס פֿון דער יוניאָן און די אַרבעטער זײַנען געווען שטאַרק דערשלאָגן. אין דעם טרעיד איז בכלל ניט געווען קיין צו פֿיל באַשעפֿטיקונג, די באַלעבאַטים וואָס זײַנען איבערגע־בליבן אין שטאָט זײַנען וואָס אַ טאָג געוואָרן אַלץ פֿרעכער. אין דער יוניאָן האָט געהערשט אַן אמתער תשעה־באָב־שטי־מונג.

נאָך פֿיל באַראַטונגען האָט מען באַשלאָסן צו באַשטימען אַן אָרגאַנײַזער וואָס זאָל ערשטנס, אויסגעפֿינען וואו די דאָ־זיקע באַלעבאַטים זײַנען פֿאַרשוואונדן, און צווייטנס זאָל די יוניאָן ניט זשאַלעווען קיין געלט און מי כּדי אָנצולערנען די דאָזיקע באַלעבאַטים און צרויקברענגען די פֿאַבריקן אין ניו־יאָרק.

פֿאַר דעם דזשאָב האָט די יוניאָן באַשטימט איינעם מאָטלען. מאָטל איז געווען אַ ייִד אַ קאַלטבלוטיקער, וואָס ווערט קיין מאָל ניט אויפֿגערעגט, ווען ס'זאָל אַפֿילו ברענען אונטער די פֿיס. ווען אַלע אין דער יוניאָן זײַנען אַרומגעגאַנגען ווי צעמישטע, האָט מאָטל רואיק געררייכערט זײַן ליולקע אַזוי ווי עם וואָלט גאָרנישט ניט פּאַסירט. אָט צו דעם דאָזיקן ייִדן האָט דאָס אונדזער יוניאָן איבערגעגעבן דעם דזשאָב צוריק־צוברענגען די אַנטלאָפֿענע פֿאַבריקן.

ג.

ביז מאָטל האָט אויסגעפֿונען וואוהין די באַלעבאַטים זײַנען אַנטלאָפֿן, האָבן זיי דערווײַל באַוויזן זיך גוט אײַנצובירגערן אין דעם שטעטל. אַלע אַרבעטער אינעם שטעטל, וואָס זײַנען געווען באַשעפֿטיקט בײַ די פֿריִערדיקע באַלעבאַטים, האָבן געאַרבעט בײַ די נײַע באַלעבאַטים. זיי האָבן זיך שוין געהאַט אויסגעלערנט די מלאכה.

מאָטל האָט געהאַט פֿאַר זיך אַ שווערע אויפֿגאַבע. קומען צו די אַרבעטער אַז זיי זאָלן ניט אַרבעטן פֿאַר די דאָזיקע באַלעבאַטים, ווײַל זיי נעמען אַוועק דעם ביסן ברויט בײַ ניו־יאָרקער אַרבעטער, וועלן זיי אים הערן ווי די קאַץ. זאָל ער זיי אָרגאַנירן אין אַ יוניאָן און מיט דעם צושטימען אַז די פֿאַבריקן זאָלן אין שטעטל פֿאַרבלײַבן, וואָס וועלן זאָגן אויף דעם די אַרבעטער אין ניו־יאָרק? ס׳איז מאָטלען ניט געווען וואָס מקנא צו זײַן. זײַן לאַגע איז ניט געווען קיין זיסע. איין זאַך האָט אונדזער מאָטל געוואוסט אַז ער מוז גיך האַנדלען און עפּעס באַווײַזן, אַז ניט איז זײַן רעפּוטאַציע אין קאָן, און מאָטל האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט.

אין אָנהייב איז מאָטלען צוגעגאַנגען זייער שווער, דער מעיאָר פֿון שטאָט און די פּאָליציי זײַנען צו אים געווען זייער שטרענג, זיי האָבן אים געסטראַשעט אַז זיי וועלן אים פֿאַרטרײַבן פֿון שטאָט. יעדער מאָל ווען ער האָט זיך באַוויזן אַרום די פֿאַבריקן האָבן אים די פּאָליציי און סתם שטאַרקע פֿאַרטריבן און דערבײַ געשריִען „גאָו בעק טו ניו־יאָרק”.

מאָטל איז געווען אויף גרויסע צרות, צוריק קומען אין ניו־יאָרק און זאָגן זײַנע ברידער־אַרבעטער אַז ער קען גאָרנישט ניט אויפֿטאָן איז אונדזער מאָטלען ניט אָנגעשטאַנען. איז וואָס זשע האָט ער פֿאָרט געטאָן? אָט הערט: אין איין שיינעם העלן טאָג האָט אונדזער אָרגאַנײַזער זיך באַוויזן אין ניו־יאָרק, געהאַט אַ מיטינג מיט די יוניאָן־באַאַמטע און זיי פֿאָרגעלייגט אַ פּלאַן אַז די יוניאָן זאָל דינגען עטלעכע גרויסע „באָסעס”, אַרויפֿזעצן אויף זיי די אַרבעטער וואָס האָבן פֿאַרלוירן די באַשעפֿטיקונג ביי די אַנטלאָפֿענע באַלעבאַטים פֿון ניו־יאָרק, אַרײַנפֿאָרן מיט זיי אין שטעטל און מאַכן אַ סקאַנדאַל וואָס זאָל אויפֿטרייסלען די עפּנטלעכע מיינונג פֿון שטעטל און פֿון גאַנץ אַמעריקע. זאָל מען ווײַזן אַז מען קען ניט, דיר ניט מיר ניט, אַוועקנעמען דאָס שטיקל ברויט בײַ הונדערטער מענטשן און ס׳וועט זײַן שאַ שטיל.

און כּך־הווא אין אַ שיינעם ליכטיקן זומערדיקן נאָכמיטאָג

זײַנען אין שטעטל אַרײַנגעפֿאָרן עטלעכע באָסעם געפּאַקט מיט מענטשן. דער קאַראַוואַן איז צוגעפֿאָרן צו די פֿאַבריקן און זײ גענומען שטורמען מיט געשרײען און גוואַלדן, אַז עס אַר־בעטן אין זײ סקעבס. דאָס גאַנצע שטעטל איז געגאַנגען כאַ־דראָם, עס זײַנען אָנגעקומען פּאָליצײ מיטן מעיאָר בראש. עס זײַנען פֿאָרגעקומען עטלעכע צוזאַמענשטויסן צווישן די שטאַרקע וואָס די באַלעבאַטים האָבן אַרויסגעשיקט מיט די נײַ אָנגעקומענע געסט. פֿיל האָט מען אַרעסטירט. צווישן די אַרעסטירטע איז אויך געווען אונדזער מאָטל. אויף מאָטלען איז די קלאָגע געווען גאָר אַ שווערע, ער איז נעמלעך באַשולדיקט געוואָרן אַז ער איז עס געווען דער גאַנצער פֿאַרשווערער פֿונעם פּלאַן צו ברענגען דעם עולם פֿון ניו־יאָרק און מען האָט אים פֿאַרהאַלטן אויף עטלעכע טויזנט דאָלער בעיל.

עס פֿאַרשטייט זיך אַז אונדזער אָרגאַניזער איז לאַנג אין חד גדיא ניט געזעסן, די יוניאָן האָט גלײַך געשאַפֿן די נייטיקע סומע און אים באַפֿרײַט ביז דעם משפּט. דערבײַ האָבן אים די ריכטער אָנגעזאָגט, אַז זײַן געבײן טאָר זיך ניט באַווײַזן אין שטעטל. מאָטל האָט אויסגעפֿאָלגט, אַ ברירה האָט ער געהאַט?

ד.

דערווײַל איז מאָטל געוואָרן דער גרעסטער העלד אין אונדזער יוניאָן. נאָך דעם ווי די יוניאָן האָט אים אַרויסגענומען אויף בעיל איז ער פֿון ניו־יאָרק אין גאַנצן פֿאַרשוואונדן, קײנער האָט ניט געוואוסט וואו זײַן געבײן איז אַהינגעקומען, ווי אין וואַסער אַרײַן.

ערשט מיט אַ צײַט שפּעטער איז פֿאַר אונדז קלאָר גע־וואָרן פֿאַר וואָס מיר האָבן מאָטלען פֿאַר אונדזערע אויגן ניט אָנגעזען אַזאַ לאַנגע צײַט. הערט אָן אײַנפֿאַל פֿון אַ ייִדן:

דער ערגסטער שונא אונדזערער אינעם שטעטל איז געווען

דער מעיאָר, עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, אַז דער דאָזי־קער מעיאָר איז דאָס געווען דער גאַנצער פֿאַרשווערער פֿון דעם פּלאַן אַריבערצוברענגען די פֿאַבריקן אין זײַן שטע־טעלע. אַחוץ דעם האָט דער מעיאָר געגעבן אַ פֿאַר־אָרדענונג צו דער פּאָליציי צו זײַן שטרענג קעגן אונדזער יוניאָן און אונדזער אָרגאַנײַזער. עס האָט זיך שפּעטער אַרויס־געוויזן, אַז דאָס איז געווען דער מעיאָר וואָס האָט פּראָוואָצירט דעם געשלעג, וואָס ס'איז פֿאָרגעקומען אַרום די פֿאַבריקן, ווען די „באָסעס" מיט די אַרבעטער זײַנען אָנגעקומען אין שטעטל. עס איז טאַקע אויך געווען דער מעיאָר וואָס האָט שטאַרק גע־ווירקט אויף די ריכטערס צו שטעלן אונדזער אָרגאַנײַזער אויף אַ הויכן בעיל.

אין דאָזיקן שטעטל האָט יענעם יאָר באַדאַרפֿט פֿאָרקומען וואַלן פֿון אַ נײַער שטאָט־אַדמיניסטראַציע, אונדזער אָרגאַנײַ־זער האָט זיך דערוואוסט, אַז קעגן דעם מעיאָר לויפֿט אַ יונגער שניץ, וואָס איז ערשט אַרויס פֿון קאָלעדזש און וועלכער איז זייער גרין אין פּאָליטיק, און האָט בכלל ניט די נייטיקע דערפֿאַרונג צו זײַן אַ קאַנדידאַט און אויך ניט די פֿינאַנציעלע מיטלען צו באַזיגן דעם מעיאָר פֿון שטעטל. דאָ האָט אונדזער אָרגאַנײַזער דערשפּירט אַז מ'טאָר ניט בלײַבן גלײַכגילטיק צו דער זאַך און „נעמען אַן אָנטייל" אין די וואַלן און אַזוי אַרום לערנען בלק מיטן מעיאָר.

מאָטל איז געקומען אויף אַ געהיימער מיסיע אין ניו־יאָרק אַזוי אַז קיינער אַחוץ עטלעכע הויכע באַאַמטע האָבן ניט גע־וואוסט פֿון זײַן קומען. ער האָט פֿאַר די יוניאָן־באַאַמטע פֿאָר־געלייגט זײַן פּלאַן צו נעמען אַ טיכטיקן אָנטייל אין די וואַלן און זען דערוויילן דעם יונגן שניץ וואָס לויפֿט קעגן דעם איצטיקן מעיאָר. אויב דער נײַער קאַנדידאַט וועט דערווײלט ווערן, וועט ער, מאָטל, זיכער קענען עפּעס אויפֿטאָן צו ברענגען צוריק די פֿאַ־בריקן אין ניו־יאָרק.

ווער האָט געקענט זײַן קעגן אַזאַ וואונדערלעכן פּלאַן? מען האָט באַלד אויפֿן אָרט געשאַפֿן עטלעכע טויזנט דאָלער

פֿאַר דעם דאָזיקן צוועק. מאָטל איז אָפּגעפֿאָרן אין שכנהדיק שטעטל, זיך באַזעצט דאָרט אין אַ האָטעל, גערופֿן צו זיך אין געהיים עטלעכע פּאַרטרויטע מענטשן מיט דעם קאַנדידאַט בראש. ער האָט פֿאַר זיי פֿאָרגעלייגט אַ פּלאַן ווי אַזוי דער יונגער קאַנדידאַט קען דערוויילט ווערן און מען וועט פּטור ווערן פֿון דעם רעאַקציאָנערן מעיאָר.

אונדזער אָרגאַנײַזער איז געווען טאָג און נאַכט באַשעפֿ־טיקט אין פּאָליטיק, די מעמבערס אין ניו־יאָרק האָט מען דער־ציילט אַז ער פֿינצטערט נעבעך אין די דערפֿער פֿון דזשווירזי כּדי צו ברענגען די פֿאַבריקן צוריק אין ניו־יאָרק, די מעמבערס האָבן זיך געלאָזט קאָסטן שווערע געלטער כּדי צו העלפֿן מאָטלען אין זײַן וויכטיקער מיסיע.

ה.

אין דעם שטעטל האָט געפֿלאַקערט אַ קאַמפּיין וואָס ביז איצט האָט אַזאַ דאָרט נאָך קיין מאָל קיינער ניט געזען. עס האָבן זיך באַוויזן פּאָסטערס מיט אויפֿרופֿן קעגן דעם מעיאָר וואָס האָבן אַרויסגערופֿן באַוואונדערונג בײַ אַלע בירגער. אַלע האָבן געגאַפֿט פֿון דעם ריזיקן קאַמפּיין וואָס דער יונגער שגץ פֿירט אָן קעגן דעם מעיאָר און זיך ניט געקענט אָפּוואונדערן. הײַנט, די רעדעס וואָס דער יונגער קאַנדידאַט האַלט, אַזעלכע רעדעס האָט נאָך דאָס שטעטל פֿריִער ניט געהערט! די אַלע פּלענער און רעדעס זײַנען נאַטירלעך פֿריִער אויסגעאַרבעט געוואָרן אין דעם האָטעל־צימער אין דעם שכנהדיקן שטעטל. און דער קאָפּ פֿון דעם אַלץ איז געווען אונדזער אָרגאַנײַזער מאָטל.

אין דעם טאָג פֿון די וואלן האָט דאָס גאַנצע שטעטל ניט געאַרבעט, די געשעפֿטן זײַנען געווען פֿאַרמאַכט, מער פֿון אַלעמען זײַנען געווען פֿאַרנומען די באַלעבאַטים אונדזערע וואָס זײַנען אַנטלאָפֿן פֿון ניו־יאָרק. זיי האָבן געאַרבעט אויף אַלע כּלים פֿאַר דעם אַלטן קאַנדידאַט. זיי האָבן פֿאַרמאַכט זייע־

רע פֿאַבריקן, געצאָלט די אַרבעטער פֿאַרן טאָג, געגעבן גרויסע בײַשטײַערונגען פֿאַרן קאַמפּיין. דאָס אַלץ האָט אָבער ניט געהאָלפֿן. אין אָוונט ווען מען האָט איבערגעציילט די שטימען האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז דער נײַער קאַנדידאַט איז דערוויילט געוואָרן מיט אַ ריזיקער מאַיאָריטעט.

אונדזער אָרגאַנײַזער איז געווען מלא שמחה וואָס ס׳איז אים געלונגען דורכצואוואַרפֿן דעם אַלטן קאַנדידאַט און דערוויילן זײַן „אייגענעם" מעיאָר. ער האָט ניט געוואָלט אַפֿילו טראַכטן וועגן דער נײַער פּראָבלעם וואָס ס׳שטייט איצט פֿאַר אים: ווי אַזוי וועט ער פֿאַרשלאָגן דעם נײַעם מעיאָר, ווען ער וועט אין עטלעכע וואָכן אַרום איבערנעמען די שטאָט־פֿאַרוואַלטונג, אַרויסצונעמען די פֿאַבריקן פֿון שטאָט און זיי צוריקברענגען אין ניו־יאָרק? עס איז גרינג צו רעדן. דער מעיאָר קומט דאָך אַליין פֿונעם שטעטעלע, ער דאַרף דאָך אויפּפּאַסן אַז די שטאָט זאָל האָבן ביזנעס און די אַרבעטער זאָלן זײַן באַשעפֿטיקט צו קענען צאָלן טעקסעס. ווי אַזוי וועט ער דאָס מיט די אייגענע הענט העלפֿן פֿאַרטרײַבן ביזנעס פֿון שטאָט? אָבער וועגן דעם האָט מאָטל צײַט צו טראַכטן. דערווײַל דאַרף מען פֿײַערן דעם זיג פֿון דעם נײַ דערוויילטן מעיאָר, וועלכער וועט זיכער זײַן פֿרײַנדלעך צו זײַנע אַמביציעס אָנצולערנען די באַלעבאַטים פֿאַרן אַנטלויפֿן פֿון ניו־יאָרק און מאַכן ברויטלאָז עטלעכע הונדערט פֿאַמיליעס.

עס האָט זיך דערנעענטערט די צײַט ווען דער משפּט פֿון אונדזער מאָטלען פֿאַר דעם ראַיאָט וואָס ער האָט פֿאַראורזאַכט אין דעם שטעטל האָט זיך באַדאַרפֿט אָנהייבן. אין דער יוניאָן איז געוואָרן אַ גרויסער טומל, אַז מ׳מוז שאַפֿן גרויסע סומעס געלט צו דינגען וויכטיקע לאָיערס צו פֿאַרטיידיקן אונדזער אָרגאַנײַזער, וועלכער איז אין די אויגן פֿון אונדזערע מעמבערס שוין אויסגעוואַקסן אַלס אַ גרויסער מאַרטירער און העלד, וועמען עס שטייט פֿאַר די געפֿאַר צו קריגן תּפֿיסה. דער משפּט האָט זיך געצויגן עטלעכע וואָכן און די דזשורי, וואָס איז באַשטאַנען

אין איר מערהייט פֿון פֿארמערס, האָט אונדזער אָרגאַניזער פֿאַרמשפּט אויף זעקס חדשים טורמע.

די יוניאָן האָט, אויף דער עצה פֿון די לאָיערס, באַשלאָסן ניט צו אַפּעלירן קעגן דעם אורטייל. עס איז דעריבער געבליבן אַז מאָטל זאָל גיין אָפּזיצן זײַן צײַט אין תּפֿיסה, טאַקע אין דעם שטעטעלע וואו ס'איז דערוויילט געוואָרן דער נײַער מעיאָר, וועלכער איז שוין געווען אַרײַן אין אַמט. אין דער יוניאָן האָט גערודערט מיט מאָטלען, ער איז געוואָרן דער גרעסטער העלד און מאַרטירער, אַ קלייניקייט זעקס חדשים טורמע!

ז.

מאָטל איז אַוועק אין דעם שטעטעלע אָפּזיצן דעם טערמין. די תּפֿיסה פֿונעם שטעטעלע האָט זיך געפֿונען אין דער געבײַדע פֿון סיטי־האָל. אַ העלפֿט פֿון דער געבײַדע איז געווען פֿאַרנומען מיט די אָפֿיסעם פֿונעם מעיאָר און פֿון דעם סיטי קאָונסיל, און אין דער צווייטער העלפֿט איז געווען די תּפֿיסה און דער אָפֿיס פֿונעם שעריף.

צווישן די מעמבערס אין דער יוניאָן האָט מען אַלץ מער רחמנות געקראָגן אויף מאָטלען. עס האָבן זיך אַ לאָז געטאָן קאָמיטעס אים באַזוכן אין טורמע. יעדער מאָל ווען מען האָט געשיקט אַזאַ קאָמיטע, האָט מען אויך מיטגעגעבן פֿאַרשיי־דענע מתּנות. איינער האָט געבראַכט אַ באָקס סיגאַרן, אַ צוויי־טער — אַ פֿלאַש קאָניאַק, אַ דריטער — אַ שלאָפֿראָק, און די צעל, וואו אונדזער מאָטל איז געזעסן, האָט אויסגעזען ווי אַ דעפּאַרטמענט־סטאָר. אָבער דאָס איז נאָך ווייניק, הערט ווײַ־טער...

יעדן טאָג, ווען דער מעיאָר האָט באַדאַרפֿט עסן מיטאָג, האָט ער אָנשטאָט גיין אַהיים עסן, אָדער אין אַ רעסטאָראַן, באַשטעלט זײַן מיטאָג בײַ זיך אין אָפֿיס. ווען מ'האָט געבראַכט דעם מיטאָג, האָט ער זיך פֿאַרשלאָסן אין אָפֿיס און אַרײַנגערופֿן צו זיך זײַן פֿרײַנד מאָטלען און מען האָט צוזאַמען

הנאה געהאַט פֿון די מאכלים... איין מאָל אין אַ פֿרימאָרגן איז געקומען אַ קאָמיטע פֿון ניו־יאָרק באַזוכן מאָטלען אינעם שטע־טעלע און אים געפֿונען אַ שלעפֿעריקן, קוים וואָס ער האָט זיך געהאַלטן אויף די פֿיס. אַז מען האָט אים געפֿרעגט צי ער קען ניט שלאָפֿן בײַ נאַכט, האָט ער זיך צעלאַכט און געזאָגט, אַז די גאַנצע נאַכט האָט ער פֿאַרבראַכט אין אַ נײַט־קלאָב און איז „אַהיים" געקומען 5 פֿאַר טאָג...

אַ צווייט מאָל האָט אונדזערע אַ קאָמיטע מאָטלען גע־טראָפֿן בײַ אַ בעיז באָל גיים אינעם שטעטל. עס האָבן געשפּילט די פּאָליציי קעגן די פֿײַער־לעשערס. מאָטל איז געווען דער „רעפֿערי" פֿון דער גיים, און ווען די שטאָט האָט פֿאַר דעם טים וואָס האָט געוואונען דעם טשעמפּיאָנשיפּ, געמאַכט בײַ נאַכט אַ באַנקעט איז אונדזער מאָטל געווען דער טאָסטמאַס־טער . . .

אָט אַזוי האָט מאָטל „אָפּגעפֿינצטערט" זײַנע זעקס חדשים אין תּפֿיסה. און וואָס איז געוואָרן מיט די שעפּער, צוליב וועל־כע מאָטל איז געוואָרן אַזאַ העלד? די שעפּער... האָט די יוניאָן אָרגאַניזירט און זיי זײַנען פֿאַרבליבן אין שטעטל. ווען מאָטל האָט זיך נאָך די „פֿינצטערע" זעקס חדשים אומגעקערט אין ניו־יאָרק, האָט די יוניאָן געמאַכט גאַנצע פּאַראַדן פֿאַר אים און אַראַנזשירט צענדלינגער באַנקעטן פֿאַר זײַן מאַרטירער־שאַפֿט צוליב דער יוניאָן. ביז דעם הײַנטיקן טאָג קען זיך די יוניאָן ניט אויסקויפֿן די „לײַדן" וואָס מאָטל איז אויסגעשטאַנען אַלס מאַרטירער, ווען ער האָט זיך אונטערגענומען אָנצולערנען די באַלעבאַטים וואָס זײַנען אַנטלאָפֿן פֿון ניו־יאָרק און געמאַכט ברויטלאָז עטלעכע הונדערט פֿאַמיליעס.

— „איך פֿרעג אײַך? איז ניט אַמעריקע טאַקע אַ טשיקאַווע לאַנד? וואו נאָך קענען אויפֿקומען אַזעלכע „מאַרטירערס" פֿאַרן אַרבעטער־קלאַס? וואָס זאָגט איר? האַ!" — אַזוי האָט פֿאַרענ־דיקט זײַן טשיקאַווע מעשה מײַן באַקאַנטער יוניאָן־טוער.

# יונה כאַפּער

(אַ יוניאָן־טיפּ)

אַלע האָבן אים אין דער יוניאָן גערופֿן „יונה כאַפּער", מחמת דעם, וואָס יונה איז אין דער יוניאָן געווען דער אָפֿיציעלער „כאַפּער". האָט אַ יוניאָן־ברודער באַדאַרפֿט קריגן פּעטש, איז עם געווען יונה, וואָס האָט די פּעטש אַרײַנגעכאַפּט. האָט די פּאָלים באַדאַרפֿט איינעם אין דער יוניאָן אַרעסטירן פֿאַר נישט געזעצלעך פּיקעטן, איז עם געווען יונה, וואָס האָט אַרײַנגעכאַפּט עטלעכע טעג טורמע... אין דער יוניאָן איז קיינעם נישט אײַנ־געפֿאַלן אויסצוגעפֿינען יונהס אמתן נאָמען, דער נאָמען „כאַ־פּער" איז פֿאַר יונהן געווען ווי אָנגעמאָסטן.

ווען די יוניאָן האָט באַדאַרפֿט אָרגאַניזירן אַ פּיקעט־דע־מאָנסטראַציע, איז יונה געווען דער ערשטער אויף דער פּיקעט־ליניע, כאָטש אַליין האָט יונה נישט געסטרײַקט. וואָרעם, ווי האָט ער געקענט סטרײַקן, אַז ער האָט קיין מאָל קיין דזשאַב נישט געהאַט? נאָר, מזל, זעט איר, האָט ער גראַד געהאַט — דער ערשטער צו ווערן אַרעסטירט. און ווען די בלויע רעק האָבן גענומען שלאָגן סטרײַקערס, האָט יונה געמאַכט שהחיינו אויף די ערשטע קלעפּ... די ריכטערס, פֿאַר וועמען מען האָט פֿאַר־געבראַכט אַרעסטירטע סטרײַקערס, האָבן יונהן גוט געקענט און אים גערופֿן ביים ערשטן נאָמען: „דזשווינע", און וואָס איז דער וואונדער? — אַ „סטעדי" קאָסטימער...

יונה איז געווען אַ מענטש אין די פֿופֿציקער, אַ קורצער, אַן אויסגעמאָרעטער און האָט קוים געוואויגן הונדערט פֿונט. דערפֿאַר אָבער האָט אים גאָט געגעבן אַ גוטע האַרץ, פֿול מיט ברודער־ליבע און ער איז געווען גרייט צו גיין אין פֿײַער פֿאַר

זײַן יוניאָן און איבערהויפּט פֿאַר דעם ברודער־אַרבעטער. ער האָט יעדן אין דער יוניאָן גערופֿן נישט בײַם נאָמען, נאָר „ברודער״. קיין גרויסער בעל־כּוח איז ער נישט געווען, דערפֿאַר אָבער האָט ער פֿאַרמאָגט אַ סך ענערגיע. נישט פֿאַר זיך, חלילה! נאָר פֿאַר זײַן יוניאָן.

יונה איז געווען אַ שטענדיקער גאַסט בײַ דער עקזעקוטיווע, אָבער ער האָט רואיק נישט געקענט אײַנזיצן. איז אַ מיטגליד געקומען צו דער עקזעקוטיווע מיט אַ טענה, האָט אים יונה אַרײַנגעפֿירט צום מיטינג ווי מען פֿירט אַ חתן צו דער חופּה. די יוניאָן האָט יונהן באַלוינט מיט אָנערקענונג, אָבער נישט מיט קיין דזשאָב. פּרצעס „באָנטשע שווײַג״ איז געווען צו־פֿרידן מיט אַ בולקע מיט פּוטער. און אונזער יונה — מיט אַ פֿרײַען טיקעט צו אַ פֿאָרשטעלונג אין אַ יִדישן טעאַטער, וואָס די יוניאָן האָט זייער אָפֿט געקויפֿט פֿאַר וויכטיקע וואוילטעטיקע צוועקן. אַזוי ווי קיין דזשאָב האָט יונה נישט געהאַט, קיין אַמט אין דער יוניאָן אויך נישט, און די ענערגיע האָט אין אים גע־שטורעמט, איז יונה געווען דער אָפֿיציעלער ליפֿלעט־צעטיילער פֿון דער יוניאָן. איר האָט יונהן שטענדיק געזען לעבן דעם יוניאָן־אָפֿיס, אָדער אַרום די שעפּער, צעטיילן ליפֿלעטס פֿאַר יוניאָן־פֿאַרזאַמלונגען, אָדער ערשטער מאַי־דעמאָנסטראַציעס וואָס די יוניאָן האָט געפֿײַערט. וואָלט איר פֿון יונהן אַוועקגע־נומען די דאָזיקע אַרבעט, וואָלט ער קראַנק געוואָרן. ווײַל אַ מענטש מיט אַזוי פֿיל פֿײַער מוז עפּעס אויפֿטאָן פֿאַר דער מענטשהייט... קיינער אין דער יוניאָן האָט נישט געוואוסט צי יונה האָט אַ פֿאַמיליע, און יונה האָט אַלע מאָל אויסגעמיטן צו ריידן וועגן דעם.

די „זאַך״ פֿון וועלכער ער האָט שטענדיק געחלומט, איז געווען צו פֿאָרן צו אַ קאָנווענשאָן פֿון זײַן יוניאָן. יונה האָט שטענדיק ליב געהאַט זיך צוצוהערן צו די געשפּרעכן פֿון די שטענדיקע דעלעגאַטן וואָס זײַנען געפֿאָרן צו די יוניאָן־קאָנ־ווענשאָנס און ווי אַזוי זיי האָבן אויף די קאָנווענשאָנס פֿאַרבראַכט. יונה איז געווען צו שטאָלץ זיך צו בעטן בײַ די יוניאָן־פֿירערס,

אַז זיי זאָלן אים אַ מאָל מיטנעמען צו אַ יוניאָן־קאָנווענשאָן. דאָס וואָלט פֿאַר יונהן געווען אַ דערנידעריקונג. ווען מ׳האָט בײַ אינטימע פֿאַרזאַמלונגען גערעדט ווער עס זאָלן פֿאָרן צו דער קאָנווענשאָן, האָט בײַ יונהן די סלינע גערונען פֿון מויל און ער האָט בײַ זיך געטראַכט וואָס פֿאַר אַ שלים־מזל ער איז, וואָס ער קען נישט זײַן איינער פֿון די גליקלעכע צו פֿאָרן אין אַ פֿרעמדער שטאָט און זען אַמעריקע.

אַזאַ געלעגנהייט האָט יונה געקראָגן, ווען די יוניאָן האָט געפֿײַערט אירע אַ יובילײ־קאָנווענשאָן און באַשלאָסן מיטצו־נעמען יונהן אַלס גאַסט.

יונה איז דעמאָלט געווען דער גליקלעכסטער מענטש אין דער יוניאָן, ער איז נעכט נישט געשלאָפֿן און געוואַרט אויפֿן טאָג, ווען ער וועט, אַן אויסגעפּוצטער ווי די אַנדערע דעלעגאַטן, פֿאַרלאָזן די שטאָט, באַגלייט פֿון פֿיל יוניאָן־ברידער, און ווי איינער פֿון די פֿירערס פֿאָרן צו זײַן יוניאָן־קאָנווענשאָן. נאָך אויף דער באַן וואָס האָט געפֿירט די דעלעגאַציע אין דער שטאָט, וואו די קאָנווענשאָן האָט באַדאַרפֿט פֿאָרקומען, האָבן די פֿירערס פֿון דער יוניאָן אים שטרענג פֿאַרזאָגט, אַז אויף דער קאָנווענ־שאָן מוז ער זיך אויפֿפֿירן סטאַטעטשנע נישט ווי בײַ זיך אין לאָקאָל, ווײַל צו דער קאָנווענשאָן קומען דעלעגאַטן פֿון גאַנץ אַמעריקע און קענעדע, און מ׳דאַרף זיך אויפֿפֿירן אַנשטענדיק.

די קאָנווענשאָן איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן, גראָד אין אַ צײַט ווען אין דער אינדוסטריע האָט געהערשט אַ ביטערע אַרבעטס־לאָזיקייט. יונה וואָס איז אַלע מאָל געווען פֿון די נישט „גרוי־סע פֿאַרדינערס" האָט נאָך פֿאַרלוירן זײַן דזשאַב עטלעכע מאָ־נאַטן פֿריִער פֿון די אַנדערע בעלי־מלאכות און אַ ביסל אונ־טערגעהונגערט. בײַ דער קאָנווענשאָן איז ער אָבער געווען אַ פֿריילעכער. וואָרעם וואָס פֿאַר אַ ווערט האָט אַ „בולקע מיט פּוטער" אַנטקעגן אַזאַ הערלעכער, יום־טובֿדיקער שטימונג, ווי עס הערשט אויף אַ קאָנווענשאָן?

בײַ דער דאָזיקער קאָנווענשאָן האָט מען פֿאָרגעבראַכט אַ רעזאָלוציע צו העכערן דעם געהאַלט פֿון פּרעזידענט. ווען

מען האָט די רעזאָלוציע אָנגענומען, האָט אין זאַל אויסגע־בראָכן אַ שטורעם פֿון אַפּלאָדיסמענטן. יונה האָט זיך פֿאַרגעסן אַז די פֿירערס האָבן אים געהאַט אָנגעזאָגט צו זיצן רואיק בײַ דער קאָנווענשאָן און געגומען שרײַען אויף די העכסטע קולות: הור־ראַ פֿאַר אונדזער פּרעזידענט! ער איז פּלוצלונג באַהערשט געוואָרן פֿון אַ גרויסער אינספּיראַציע און איז — ניט־וויסנדיק ווי אַזוי — געוואָרן דער פֿירער פֿון אַ דעמאָנסטראַציע וואָס האָט אַרומגעמאַרשירט אַרום דעם האָל. אין האַנט האָט ער געהאַלטן אַ גרויסע פֿאָן און געשריִען: „טרי טשירס פֿאַר אונדזער פּרעזידענט", ווען די אַנדערע זײַנען שוין געווען הייזעריק, איז נאָך יונה אַלץ געשטאַנען אויף אַ בענקל און „געטשירט" פֿאַר דעם פּרעזידענט.

ווען די זיצונג איז שוין געווען פֿאַריבער, איז דער פּרעזי־דענט צוגעגאַנגען צו יונהן און אים געפֿרעגט: „זאָגט מיר, יונה, פֿאַר וואָס האָט איר זיך אַזוי געפֿרייט, ווען מען האָט באַשלאָסן צו העכערן דעם געהאַלט פֿון פּרעזידענט, אין דער צײַט ווען איר אַליין, ברודער יונה, אַרבעט שוין נישט אַזוי פֿיל וואָכן?"

דער ענטוזיאַזם וואָס האָט באַהערשט יונהן די גאַנצע צײַט, האָט אים געגעבן מוט צו ענטפֿערן בזה הלשון:

— „ברודער פּרעזידענט, דאָס וואָס איך האָב בײַגעוואוינט וועל איך נישט פֿאַרגעסן ווי לאַנג איך וועל לעבן. איך האָב אַלע מאָל געוואוסט אַז מיר האָבן אַ שטאַרקע יוניאָן, נאָר מיט דעם וואָס מ'האָט אײַך געגעבן אַ רעיז אויף די וועידזשעס בין איך נאָך מער איבערצײַגט אַז אונדזער יוניאָן איז שטאַרק און מעכטיק. אמת, אונדזערע מעמבערס הונגערן און אַרבעטן נישט. איך הונגער נאָך שטאַרקער ווי די אַנדערע מעמבערס, אָבער ווען מ'האָט באַשלאָסן אײַך צו געבן אַ רעיז האָט עס מיך זייער געפֿרייט וואָס אין דער יוניאָן וועט זיך געפֿינען כאָטש איין מעמבער וואָס מאַכט אַ לעבן..."

## דער „גענעראַל־סטרייק״

די דאָזיקע פּאַסירונג איז פֿאָרגעקומען אין יענע יאָרן, ווען אונדזערע יוניאָנס האָבן נאָך געהאַט זייערע קוואַרטירן אויף דער איסט־סאַיד. זייערע אָפּיסעס זײַנען באַשטאַנען פֿון אַן ענג, פֿינצטער צימערל אויף אַ סטוף. די „יוניאָן שעפּער״ האָבן זיך געפֿונען נישט ווײַט פֿון די אָפּיסעס.

אין איינער פֿון די דאָזיקע יוניאָנס האָט זיך אַרומגעדרייט אַן עלטערער ייִד וואָס האָט כּמעט געוואוינט אין דעם יוניאָן־אָפּיס. פֿון וואַנען דער ייִד איז געקומען האָט קיינער נישט געוואוסט. אַ לעבן האָט דער דאָזיקער ייִד געמאַכט פֿון דעם וואָס דער הויפּטפֿירער פֿלעגט אים שיקן אַ גאַנג און דערפֿאַר האָט ער געקראָגן צען סענט. פֿון צײַט צו צײַט פֿלעגט ער אויך קריגן אַ גמילות־חסדל פֿון אַן אַרבעטער. געשלאָפֿן איז דער דאָזיקער ייִד אויף אַ האַרט בעטל, וואָס ער האָט אויפֿגע־שטעלט בײַ נאַכט אין „אָפּיס״ פֿון דער יוניאָן, זײַן ביסל וואַ־רעמס האָט ער אָפּגעקאָכט אויף דעם אייוועלע וואָס איז גע־שטאַנען אין מיטן אָפּיס.

דער דאָזיקער ייִד איז געווען מיט יעדן איינעם „פּאַני בראַט״, יעדן אַרבעטער האָט ער גערופֿן בײַם ערשטן נאָמען. ער האָט געוואוסט אַלע סודות פֿון דער יוניאָן, ווי ער וואָלט גע־ווען איינער פֿון הויפּטפֿירערס. אַפֿילו מיט די באַלעבאַטים איז ער געווען „אַ גאַנצער שמעלקע״.

דער איינציקער וואָס איז נישט געווען צו פֿרײַנדלעך מיט דעם דאָזיקן ייִדן איז געווען דער הויפּטפֿירער, ער האָט אים באַטראַכט ווי אַן אַנשיקעניש, וואָס מישט זיך צו פֿיל נישט אין זײַנע געשעפֿטן. איין מאָל, ווען דער פֿירער איז געווען אין כּעס, האָט ער דעם ייִדן געוויזן די טיר און אים באַפֿוילן מער נישט צו קומען אין אָפּיס.

דער ייִד איז אַרויס אַ ברוגזער פֿון אָפּיס און באַשלאָסן אַז ער מוז זיך מיט דעם הויפּטפֿירער גוט אָפּרעכענען. איז ער אַוועק צום יוניאָן־דרוקער וואָס האָט אים גוט געקענט, (ווייַל נישט איין מאָל האָט ער אים געבראַכט אַרבעט פֿאַר דער יוניאָן), ער האָט דעם דרוקער געגעבן אַן אויפֿרוף פֿון דער יוניאָן צו אַ גענעראַל־סטרייַק, אים געבעטן דאָס אָפּדרוקן מיט רויטן שריפֿט און אים אויך אָנגעזאָגט מיטן האַרבן וואָרט אַז קיינער טאָר נישט זען דעם אויפֿרוף ביז ער אַליין וועט קומען עס אָפּנעמען.

אין אַ פּשוטן מאָנטיק פֿאַרטאָג, איז שוין דער ייִד געווען בייַ די שעפּער, פֿונאַנדערגעטיילט דעם אויפֿרוף און הויך גע־שריען: גענעראַל־סטרייַק! גענעראַל־סטרייַק! עס איז גראָד געווען אין אַ צייַט, ווען די באַסעס האָבן געוואָלט אַ סטרייַק. די אַרבעטער זייַנען שוין נישט אַרייַן אין די שעפּער, נאָר זיי האָבן זיך מאַסנווייַז געלאָזט גיין צום יוניאָן־אָפּיס. די גאַס איז געווען באַלאַגערט מיט די „סטרייַקערס״. איין זאַך איז זיי אָבער נישט קלאָר געווען: אַלע מאָל, ווען די יוניאָן האָט אַרויסגערופֿן אַ גענעראַל־סטרייַק, איז דער הויפּט־פֿירער גע־שטאַנען אין דרויסן פֿון אָפּיס און באַגריסט די סטרייַקערס און הייַנט זעען זיי אים נישט.

עס איז באַלד געוואָרן אַ ליאַרעם, וואו איז אונדזער פֿי־רער? פֿאַר וואָס האָט ער זיך באַהאַלטן? אויך דעם ייִדל, וואָס פֿלעגט תּמיד זיך וואַרפֿן אַלעמען אין די אויגן, האָט מען ניט געזען. עס איז אַוועק אַ קאָמיטע צו דעם פֿירער אין שטוב, אים אויפֿגעוועקט פֿונעם שלאָף און געבראַכט אין אָפּיס פֿון דער יוניאָן. עס איז אָנגעקומען פּאָליציי, מען האָט גאָר גיך אויפֿ־געקלערט וואָס ס׳האָט פּאַסירט, און דער עולם איז צוריקגע־גאַנגען אין די שעפּער.

נאָך דער מעשה מיטן „סטרייַק״ האָט דער ייִדל אַ געוויסע צייַט זיך אַרומגעדרייט אין אָפּיס פֿון די באַסעס אַסאָן, דערנאָך איז ער מיט אַ פּאַרטנער אַוועק אין ביזנעס און הייַנט איז ער „איינער פֿון די גרעסטע״.

## די „פּיטערס“ פראַגע

ווי באַוואוסט, איז די שניידעריי אין די פאַבריקן פאַרטיילט צווישן פאַרשיידענע גרופּעס, יעדע גרופּע אַרבעטער טוט אַ באַשטימטע אַרבעט, וואָס קען נישט געטאָן ווערן פון אַ צווייטער. איינע פון די דאָזיקע גרופּעס אין פאַך זיינען די „פּיטערס“, די אַרבעטער וואָס שניידן צו פּינקטלעך אַלץ וואָס ס׳איז נייטיק פאַר די אַנדערע בעלי־מלאכות. מען דאַרף זיין אַ גוטער פאַכמאַן צו קענען די דאָזיקע מלאכה.

אין דער שניידער־יוניאָן זיינען די דאָזיקע „פּיטערס“ נישט אָרגאַניזירט אין אַ באַזונדערן לאָקאַל, ווי אַ שטייגער די שניידערס, אָפּערייטאָרס, און פּרעסערס, זיי זיינען צעוואָרפן איבער די פאַרשיידענע לאָקאַלס.

אַזוי ווי זיי באַטראַכטן זיך פאַר געהויבענע בעלי־מלאכות, האָבן זיי געפאָדערט פון די יוניאָן־באַאַמטע מ׳זאָל זיי אָרגאַניזירן אין אַ באַזונדערן לאָקאַל און אַרויסגעבן אַן אייגענעם טשאַרטער.

דעם דאָזיקן פאַרלאַנג האָט מען זיי שטענדיק צוריקגעוויזן, האָבן זייערע רעדל־פירערס אָרגאַניזירט אַ „קלוב“. קעגן דעם האָבן די יוניאָן־באַאַמטע גאָרנישט געקענט טאָן.

נאָך עטלעכע יאָר עקסיסטענץ, האָבן זיי באַוויזן אַריינצוציִען אין קלוב אַלע „פּיטערס“ פון טרעיד, און איין שיינעם טאָג דורכגעפירט אַ „סטאָפּעדזש“ און דערקלערט, אַז זיי וועלן זיך נישט אומקערן צו דער אַרבעט ביז מ׳וועט נישט באַווילִיקן אַ באַזונדערן לאָקאַל פאַר די „פּיטערס“.

ווען אין אַ שניידער־פאַבריק שטעלן די פּיטערס אָפּ די אַרבעט, קען דער גאַנצער שאָפּ נישט אַרבעטן. ווען די דאָזיקע פּיטערס האָבן אַוועקגעלייגט די אַרבעט האָט זיך די גאַנצע שניידער־אינדוסטריע אָפּגעשטעלט. פאַר די יוניאָן־פירערס איז

געווען אַ שווערע פּראָבלעם די פראַגע צו שליכטן: נאָכגעבן דעם פאַרלאַנג, וואָלט עס געמיינט איבערצוגעבן צו אַ היפּע־לע מענטשן דעם שיקזאַל פון אַ גאַנצער אינדוסטריע.

אין דעם אָפּים פון דער יוניאָן האָט זיך גראָד געפונען אַן אָרגאַניזער, וואָס איז ביים פאַך געווען אַ פּיטער. האָט די יוניאָן אים באַשטימט צו אונטערדריקן די רעוואָלוציע פון זיינע חברים. דאָס האָט זיך אים איינגעגעבן אין עטלעכע טעג. פאַר־ביטערטע זיינען די פּיטערס צוריק אַוועק אין די פאַבריקן.

די פּיטערס האָבן געטראָגן אַ באַזונדערן האָס אויף זייער קאָלעגע און האָבן די עוולה אים קיין מאָל נישט פאַרגעבן.

נאָך נאָך אַ געוויסער צייט, האָט זיך אויסגעדוכט אַז די אַלטע וואונד איז פאַרהיילט.

מאַכט זיך, אַז אויף אַ גרויסער שניידער־פאַרזאַמלונג האָט אַ סאָציאַליסטישער רעדנער גערעדט אויף דער טעמע „די אַר־בעטער אין אַ סאָציאַליסטישער אָרדענונג". נאָך דער לעקציע האָט דער רעדנער געבעטן די פאַרזאַמלטע אים צו שטעלן פראַגעס. אַן אינטעליגענטער אַרבעטער האָט אָפּגעפרעגט די סאָציאַליסטישע אַרגומענטן פון דעם רעדנער. ער האָט אָנגעוויזן אַז ס'איז אוממעגלעך צו לעבן אין אַ געזעלשאַפט וואו אַלע מענטשן וועלן זיין גלייך, ווייל דאָס איז קעגן דער מענטשלעכער נאַטור, און האָט דערביי זיך באַצויגן אויף דאַרווינס געדאַנק וועגן „די סורוויוועל אָוו די פּיטעסטס", דער פאָרזיצער פון דער פאַרזאַמלונג איז געווען דער אָרגאַניזער, וואָס האָט אונטערדריקט דעם אויפשטאַנד פון די פּיטערס.

ווי נאָר דער פאָרזיצער האָט דערהערט דאָס וואָרט „פּי־טעסטס", איז ער אויפגעשפרונגען אַ צעהיצטער און אויסגערופן מיט זיין באַסאָווער שטים: די „פּיטערס" פראַגע איז ביי אונדז אַ געסעטלטע, און קען מער ביי אונדז נישט אויפגענומען ווערן נאָך אַ מאָל.

# אַ פּאָליטישער געשפּרעך צווישן אַ קלאָוק־מאַכער און אַ שניידער

ווען עס האָט זיך געפירט דער גרויסער קאַמף אין די טרעיד־יוניאָן רייען, ווער עס זאָל האָבן די אמתע דעה אין דער אַמע־ריקען לעיבאָר־פּאַרטיי און ווער עס זאָל ווערן איר פּאַקטישער פירער: דער פּרעזידענט פון דער אינטערנעשאַנאַל, אָדער דער פּרעזידענט פון דער אַמאַלגאַמייטעד, — האָט זיך דע־מאָלט אויסגעדוכט, אַז אָט־אָט וועט אויסברעכן אַ ביטערער בירגער־קריג און אַז ווען מיטגלידער פון די צוויי יוניאָנס וועלן זיך באַגעגענען, וועלן זיי זיך נעמען רייסן ביי די טשופּרינעס. אַזוי האָט עס יעדנפאַלס אויסגעזעען לויט דער שרייענדיקער פּובליסיטי וואָס דער קאַמף האָט געקראָגן אין אַלע ניו־יאָר־קער צייטונגען.

דער אמת איז געווען, אַז סיי די קלאָוקמאַכערס און סיי די שניידערס, האָבן ניט געמאַכט קיין גרויסן צימעס פון דעם גאַנצן ענין און דער גרויסער קאַמף פון די צוויי פּרעזידענטן איז זיי געלעגן אין דער לינקער פּאה. ווען אַ קלאָוק־מאַכער פלעגט באַגעגענען אַ שניידער — האָט צווישן זיי בײדן זיך ניט גע־מערקט קיין באַזונדערע שנאה. פאַרקערט, מען פלעגט געוויינ־לעך זיך גאָר וויצלען אויפן חשבון פון ביידע פּרעזידענטן.

טרעפט, אַז אין יענער צייט באַגעגנט זיך אַ קלאָוק־מאַכער מיט אַ שניידער. דאָס איז גראָד געווען אין סאַמע ברען פון קאַמף, עטלעכע טעג איידער די פּריימערים האָבן געדאַרפט באַשטימען ווער עס וועט אַרויס דער זיגער: דער פּרעזידענט פון דער אינטערנעשאַנאַל, אָדער דער פּרעזידענט פון דער אַמאַלגאַמייטעד.

נאַטירלעך, אַז ביידע ברידער־אַרבעטער האָבן זיך צערעדט וועגן די פּריימערים. דער קלאָוק־מאַכער איז געשטאַנען שטאָל

און אײַיזן פֿאַר זײַן פּרעזידענט און דער שנײַדער פֿאַר זײַנעם. בײדע זײַנען אָבער מסכּים געווען אין אײן פּונקט, אַז טרײד־יוניאָן־פֿירערס האָבן אַ קנאַפּן פּאָליטישן אײַנפֿלוס אויף זײערע מיטגלידער. ווי אַ ראיה אויף צו באַקרעפֿטיקן זײַנע אַרגומענטן, האָט דער שנײַדער געבראַכט דעם בײַשפּיל מיט דזשאָן ל. לואיס, װעלכער האָט שטאַרק געאַרבעט פֿאַר װענדעל װילקי און ער איז דורכגעפֿאַלן.

אָבער דאָך זײַנען בײדע, אי דער קלאָוק־מאַכער, אי דער שנײַדער, געװען זיכער, אַז אין דעם פֿאַל װעט זײַן פּרעזידענט, דער פּרעזידענט פֿון זײַן יוניאָן, אַרױס דער זיגער.

— „זאָג מיר נאָר" — רופֿט זיך אָפּ דער קלאָוק־מאַכער צום שנײַדער — „דו האָסט דאָך אָקערשט אַלײן געזאָגט, אַז פֿירערס פֿון יוניאָנס האָבן נישט קײן ברעקל אײַנפֿלוס אױף זײערע מיטגלידער, װען ס'האַנדלט זיך װעגן אינדאָרסירן אַ קאַנדידאַט, אָדער אַ פּאַרטײ, טאָ װי אַזױ זשע װעט דײַן פּרעזידענט אַרױס דער זיגער אין די איצטיקע פּרײַמערים? און װי אַזױ זאָגסטו, אַז איר װעט געװינען דעם דאָזיקן קאַמף דרײַ צו אײנס קעגן אונדז?"

— „גאַנץ פּשוט" — ענטפֿערט דער שנײַדער — „די פּרײַמערי־װאַלן אין דער אַמעריקען לײבאָר־פּאַרטײ קומען דאָך פֿאָר אין ניו־יאָרק סטײט, און 95 פּראָצענט פֿון די אָנטײלנעמערס אין די דאָזיקע פּרײַמערים געפֿינען זיך אין דער שטאָט ניו־יאָרק און גראָד זײַנען די מעמבערס פֿון דער אינטערנעשאָנאַל אין ניו־יאָרק דרײַ מאָל גרעסער פֿון די אַמאַלגאַמײטעד מיטגלידער. װעלן אַלע אַמאַלגאַמײטעד מעמבערס שטימען װי אַזױ דער פּרעזידענט פֿון דער אינטערנעשאָנאַל װיל, און אַלע אינטערנעשאָנאַל מעמבערס װעלן שטיצן אונדזער פּרעזידענט, װעט טאַקע אונדזער צד, דאָס הײסט פֿון דער אַמאַלגאַמײטעד, געװינען דרײַ צו אײנס...

סײַ דער קלאָוק־מאַכער און סײַ דער שנײַדער האָבן זיך האַרציק צעלאַכט, און זײ זײַנען זיך פֿונאַנדערגעגאַנגען װי גוטע ברידער, װי עס װאָלט גאָרנישט געהערשט קײן קריג אין בײדע יוניאָנס...

## זיי קענען זיך ניט אָנשליסן אָן דריטן אינטערנאַציאָנאַל

אין דער צײַט ווען די קאָמוניסטן האָבן אָנגעפירט זייער פּראָפּאַגאַנדע צו פאַרכאַפּן די יידישע טרעיד-יוניאָן-באַוועגונג, האָט אַ לאָקאַל אָפּגעהאַלטן אַ ספּעציעלן מיטינג מיטן צוועק צו געבן אינסטרוקציעס די דערווײַלטע דעלעגאַטן צו דער יוניאָן-קאָנווענשאָן. בײַ דעם דאָזיקן מיטינג זײַנען פאָרגעלייענט געוואָרן עטלעכע רעזאָלוציעס, וואָס דער לאָקאַל האָט געהאַט בדעה פאָרצושלאָגן דער קאָנווענשאָן.

דער דאָזיקער לאָקאַל איז געווען פאַרכאַפּט פון די קאָמוניסטן, און די עקזעקוטיוו-באָרד פון דעם לאָקאַל האָט צווישן אַנדערע רעזאָלוציעס אויך פאָרגעשלאָגן אַז די יוניאָן זאָל זיך אָנשליסן אָן דעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל.

ווי נאָר דער סעקרעטאַר האָט געענדיקט לייענען די רעזאָלוציע, האָט אין זאַל זיך אָנגעהויבן אַ שטאַרקער טומל. די רעכטע מיטגלידער זײַנען געווען קעגן דער רעזאָלוציע, און די לינקע פאַר איר.

דער פאָרזיצער פון מיטינג, איז געווען אַ ייד וואָס האָט זיך נישט געקענט פונאַנדערקלײַבן אין דער הויך-פּאָליטיק פון די קאָמוניסטן. די לינקע האָבן אים אָבער געדולדיקט, כּדי זיך צו באַרימען אַז זיי טאָלערירן אין זייער אַדמיניסטראַציע אויך מענטשן וואָס זײַנען נישט קיין קאָמוניסטן. האָט דער דאָזיקער פאָרזיצער געוואָלט צופרידן שטעלן אַלע צדדים, און געמאַכט אַ דערקלערונג, אַז ער וועט נישט אויפנעמען דעם פאָרשלאָג פון דער עקזעקוטיוו-באָרד, ווײַל דער פאָרשלאָג איז נישט פּראַקטיש און אויך נישט געזעצלעך.

אין זאַל האָט אויסגעבראָכן אַ נײַער טומל, די רעכטע האָבן אַפּלאָדירט, די לינקע זײַנען געוואָרן אין כּעס אויף זייער פאָר-זיצער און אים גערופן פאַררעטער, אים געזידלט אַז ער האָט

זיך פֿאַרקויפֿט צו די רעכטע. אַלע וואָס האָבן זיך געפֿונען בײַם מיטינג האָבן געוואָרט מיט אומגעדולד צו הערן די דערקלערונג פֿון פֿאָרזיצער, פֿאַר וואָס דער פֿאָרשלאָג איז נישט פּראַקטיש און נישט געזעצלעך.

דער טומל אין זאַל האָט זיך ענדלעך אײַנגעשטילט און אַלע בליקן זײַנען געווען געווענדט צום פֿאָרזיצער.

גיט דער ייִד אַ קלאַפּ מיטן האַמער און טוט, אַ נערוועזער, אַ זאָג:

— „ערשטנס, איז דער פֿאָרשלאָג נישט געזעצלעך, ווײַל דאָס האָט גאָר נישט צו טאָן מיט אונדזער טרעיד... צווייטנס, איז ער נישט פּראַקטיש, ווײַל מען גייט נישט אַרײַן אין דריטן אינטערנאַציאָנאַל גלײַך אין אָנפֿאַנג, צו ערשט פֿאָדערט דער שׂכל אַז מ'זאָל אַרײַנגיין אין ערשטן, דאַן וועלן מיר אַרײַן אין צווייטן, און דערנאָך ערשט וועלן מיר קענען אַרײַן אין דריטן אינטערנאַציאָנאַל, דאָס דאַרף מען טאָן „גרעדזשולי".

סײַ די רעכטע און סײַ די לינקע האָבן געזען אַז דער פֿאָר־זיצער רעדט לאָגישע רייד און אַזוי איז דער לאָקאַל נים אַרײַנ־געפֿאַלן אין די הענט פֿון דריטן אינטערנאַציאָנאַל.

## זיי וואַלטן משוגע געוואָרן פון ליידיקגיין

דאָס איז געווען אין יענע יאָרן ווען אונדזערע ייִדישע אַר־בעטער האָבן געשקלאַפּט אין פֿאַרפּעסטעטע שעפּער און גע־אַרבעט טעג און נעכט פֿאַר אַ שווידערלעכן לוין. יוניאָנס צו באַשיצן די אַרבעטער האָבן דעמאָלט כמעט נישט עקסיסטירט, דאָס לעבן פֿון אַן אַרבעטער איז געווען ביטער, פֿון די 24 שעה אין מעת־לעת, האָט ער גאַנצע 18 שעה געשקלאַפּט אין שאַפּ.

די ייִדישע סאָציאַליסטן וואָס זײַנען דאָ אָריבערגעקומען פֿון רוסלאַנד און פֿון אַנדערע לענדער, האָבן די דאָזיקע שווי־דערלעכע לאַגע פֿון די אַרבעטער נישט געקענט פֿאַרשווײַגן, און האָבן אָנגעפֿירט אַ מעכטיקע אויפֿקלערונג צווישן די אַר־בעטער, דורך לעקציעס און אַרטיקלען אין די סאָציאַליסטישע צײַט־שריפֿטן, זיי זאָלן זיך אָרגאַניזירן אין יוניאָנס, און קעמפֿן פֿאַר קלענערע שטונדן, און אַ גרעסערן געהאַלט.

איינער פֿון די דאָזיקע ליכטיקע פּערזענלעכקײַטן איז געווען מאָקס פּײַן. דאָס איז געווען אַ מענטש מיט אַ נשמה, וועמען די אַרבעטער האָבן געליבט צוליב זײַן פֿאָלקסטימלעכקייט און זײַן שיינעם מענטשלעכן כאַראַקטער, איבערהויפּט האָט אַפּע־לירט צו זיי זײַן אַרט ריידן. דאָס לעבן פֿון ייִדישן אַרבעטער איז אים נישט געווען פֿרעמד, האָט ער טאַקע גערעדט זיין שפּראַך.

די פֿאַראייניקטע ייִדישע געווערקשאַפֿטן האָט איין מאָל מאָקס פּײַנען אויסגעקליבן צו זײַן אַ דעלעגאַט אויף אַן אינ־טערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס אין לאָנדאָן. אויף דעם קאָנגרעס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן דער אַכט־שעהדיקער אַר־בעטסטאָג.

פּײַן איז פֿון יענעם קאָנגרעס צוריקגעקומען קיין אַמעריקע אַ פֿרישער, פֿול מיט באַגײַסטערונג פֿאַר דעם לאָזונג וואָס דער

קאָנגרעס האָט פּראָקלאַמירט פֿאַר דעם וועלטלעכן פּראָלע־טאַריאַט, פֿאַר דעם לאָזונג פֿון אַן אַכט־שעהדיקן אַרבעטסטאָג.

די ערשטע פֿאַרזאַמלונג וואָס פּײַן האָט אַדרעסירט, ווען ער האָט זיך אומגעקערט פֿונעם קאָנגרעס, איז געווען אַ פֿאַר־זאַמלונג פֿון ייִדישע שנײַדערס. פּײַן האָט געשילדערט פֿאַר די שנײַדערס דעם גליקלעכן טאָג ווען אַן אַרבעטער וועט בלויז אַרבעטן 8 שעה, קענען געניסן זונענשײַן, און פֿאַרברענגען מיט דער פֿאַמיליע, וואָס דאָס טרעפֿט איצט זייער זעלטן, ווײַל ער פֿינצטערט אָפּ זײַן גאַנצן לעבן אין שאָפּ.

די גאַנצע צײַט וואָס פּײַן האָט גערעדט, האָט אין האָל גע־הערשט אַ טויטע שטילקייט. כאָטש ער האָט אין זײַן רעדע זיך באַמיט אַרויסצורופֿן באַגײַסטערונג בײַ די אַרבעטער, איז דער עולם געזעסן שטיל און קיין איין האַנט האָט זיך נישט אויפֿגע־הויבן אים צו אַפּלאָדירן.

פֿאַר פּײַנען איז דאָס געווען אַ גרויסע איבערראַשונג, ווײַל די אַרבעטער האָבן אים ליב געהאַט צו הערן און פֿלעגן אים תּמיד אַפּלאָדירן.

פּײַן איז נישט געווען קיין שעמעוודיקער. פֿרעגט ער, די פֿאַרזאַמלונג בײַם סוף פֿון זײַן רעדע, פֿאַר וואָס מען באַציט זיך אַזוי קאַלט צו דעם, וואָס ער האָט ערשט דערציילט וועגן דעם באַשלוס פֿון אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס.

שטעלט זיך אויף אַן אַרבעטער אויף וועמעס פּנים עס איז געלעגן אַ מידקייט און וועלכער האָט אַפֿילו קיין כּוח ניט געהאַט אויסצוטאָן דעם מאַנטל און הוט און אונטערן אָרעם האָט ער געהאַלטן דאָס בלעכענע לאָנטש־קעסטל, און רופֿט זיך אָפּ צו פּײַנען:

— „ברודער פּײַן! מיר האָבן אײַך אַלע מאָל געהאַלטן פֿאַר אַ קלוגן מענטשן און אונדזערן אַ פֿרײַנד, אָבער איר מוזט אונדז אַנטשולדיקן אַז דאָס מאָל האָט איר זיך באַנאַרישט. איר אַפּע־לירט צו אונדז אַז מיר זאָלן סטרײַקן פֿאַר אַן אַכט־שעהדיקן אַרבעטסטאָג, פֿרעג איך בײַ אײַך, איר זײַט דאָך נישט קיין נאַר, אויב מיר קענען נישט מאַכן קיין לעבן בײַ אונדזערע

באלעבאטים, ווען מיר ארבעטן 18 שעה א טאג, ווי אזוי וועלן מיר קענען מאכן א לעבן פאר אונדזערע פרויען און קינדער אין אכט שעה?״

דא האט אים אונטערבראכן אן אנדער ארבעטער, מיט די בליקן געווענדט צום רעדנער.

— „דער ברודער, וואס האט דא ערשטע גערעדט, האט אייך ברודער פיין נישט פארשטאנען״.

אלע וואס זיינען געווען פארזאמלט זיינען געווען נייגעריק צו הערן ווי אזוי דער דאזיקער ארבעטער האט פארשטאנען ברודער פיינם רעדע.

— „וואס ברודער פיין האט געזאגט״ — דערקלערט דער ארבעטער — „איז, אז מיר זאלן טאקע ארבעטן ביים זעלבן באלעבאס אכט שעה א טאג, און די אנדערע צען שעה זאלן מיר ארויפגיין צו אן אנדער באלעבאס. ווען מיר זאלן בלויז ארבעטן״ — דערקלערט ווייטער דער ארבעטער — „אכט שעה א טאג, וואלטן מיר דאך משוגע געווארן פון ליידיקגיין...״

## דער „פֿאַראייניקטער פראָנט“

ווען די קאָמוניסטן האָבן געמאַכט אַ פֿאַרזוך צו פֿאַרכאַפּן די יוניאָנס, איז איינס פֿון זייערע וויכטיקסטע „שלאָג-ווערטער“ געווען, ווי איר קענט זיך דערמאָנען, דער „פֿאַראייניקטער פֿראָנט“.

זיי, די קאָמוניסטן, זײַנען געווען גרייט זיך צו פֿאַראייניקן מיטן טײַוול צוליב דעם „פֿאַראייניקטן פֿראָנט“, נאָר צווישן זיך האָבן זיי זיך אַרומגעריסן.

אין אַ געוויסער יוניאָן איז זיי געלונגען צו פֿאַרכאַפּן די אַדמיניסטראַציעס פֿון צוויי קליינע לאָקאַלס. זיי האָבן געהערשט אין די דאָזיקע לאָקאַלס נאָך ערגער ווי די „רעכטע“. די געוועזענע פֿירערס פֿון די לאָקאַלס, ווען די קאָמוניסטן האָבן דורכגעוואָרפֿן זײַנען זיי דערגאַנגען די יאָרן, און ס'האָט שוין געהאַלטן אַז בײַ די נאָענטע וואַלן זאָלן די קאָמוניסטן דורכפֿאַלן מיט אַ קנאַק.

די קאָמוניסטן האָבן געזען אַז זיי האַלטן בײַם. פֿאַרלירן אין ביידע לאָקאַלס. וואָס טוט מען? האָבן די פֿירערס פֿון די לאָקאַלס זיך צוזאַמענגערעדט און אָנגעהויבן אַ קאַמפּאַניע פֿאַר אַ פֿאַראייניקטן פֿראָנט, ד"ה, אַז מען דאַרף פֿאַראייניקן ביידע לאָקאַלס אין איין אָרגאַניזאַציע. אַזוי האָבן זיי געהאָפֿט, וועלן זיי מיט דעם לאָזונג פֿון אַ „פֿאַראייניקונג“ ראַטעווען זייער אייגענע פֿעל.

אַז מען האָט די אידעע געבראַכט צו די מיטינגען, זײַנען די מיטגלידער געוואָרן באַגײַסטערט. אַ קלייניקייט, פֿאַראייניקן די אַרבעטער אין איין גרויסער אָרגאַניזאַציע!

יעדער לאָקאַל האָט אויסגעקליבן אַ קאָמיטע — פֿאַרשטייט זיך פֿון קאָמוניסטן — דורכצופֿירן די פֿאַראייניקונג.

אָבער די קאָמיטעס האָבן נישט געקענט דורכקומען צווישן זיך. עס האָבן זיך אָנגעהויבן ביטערע מחלוקות צווישן די ביידע קאָמיטעס וואָס האָבן געדאַרפֿט פֿאַראייניקן ביידע אָר־גאַניזאַציעס. ס׳זײַנען פֿאָרגעקומען שווערע קאַמפֿן, מ׳האָט זיך נישט געקענט אײַנטיילן ווער ס׳זאָל זײַן פּרעזידענט פֿון דעם פֿאַראייניקטן לאָקאַל, און ווער דער סעקרעטאַר. די געשיכטע האָט זיך פֿאַרצויגן אין דער לאַנגער באַנק און די מיט־גלידער זײַנען שוין געוואָרן נערוועז און געפֿאָדערט: ווען וועט שוין פֿאָרגעקומען די פֿאַראייניקונג? מ׳האָט נאַטירלעך נישט דערציילט די מיטגלידער די אמתע סיבה. יעדער מאָל ווען אַ מיטגליד האָט געמאַכט אַן אָנפֿראַגע, האָט מען אים געגעבן אַ תּירוץ אַז עס זײַנען פֿאַראַן טעכנישע פֿראַגעס, וואָס מ׳קען זיי נישט אַרויסברענגען אין דער עפֿנטלעכקייט.

ענדלעך האָט עס אויסגעזען, אַז מען האַלט שוין בײַ דער געגאַרטער פֿאַראייניקונג. אַלע טעכנישע פֿראַגעס זײַנען שוין געווען געלייזט, נאָר איין זאַך האָט מען נאָך באַדאַרפֿט דער־לײדיקן, נעמלעך, פֿון ביידע קאַסעס מאַכן איין קאַסע.

די פֿירערס פֿון יעדן לאָקאַל האָבן נישט געוואָלט אַז זייער „טרעזשורי״ זאָל אַרײַנפֿאַלן אין „פֿרעמדע״ הענט. איבער דער דאָזיקער פֿראַגע איז בײַ די קאָקוס־מיטינגען פֿון יעדן לאָקאַל אָנגעגאַנגען אַ שטאַרקער קאַמף, וואָס זאָל מען טאָן מיט די עט־לעכע הונדערט דאָלער? בײַ די קאָקוס־מיטינגען האָט זיך שטענדיק געפֿונען אַ קאָמיסאַר פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. ער האָט אויך געהאַלטן אַז דאָס געלט טאָר נישט אַרײַנפֿאַלן אין „פֿרעמדע״ הענט.

וואָס טוט מען פֿאַרט מיט דעם געלט? יעדער האָט פֿאָר־געשלאָגן אַן אַנדער פּלאַן ווי אַזוי צו פֿאַרטאַכלעווען דאָס געלט, אַזוי ווי דער קאָמיסאַר איז געווען דער „אומפּאַרטייאישער״, האָט איין לאָקאַל באַשלאָסן אָנצופֿרעגן בײַ אים, און ווי ער וועט עצהן אַזוי זאָל בלײַבן.

האָט דער קאָמיסאַר פֿאָרגעשלאָגן, אַז מ׳זאָל די געלט אַוועק־

געבן דער איינציקער „רעוואָלוציאָנערער יידישער צײַטונג", — „די פֿרײַהייט".

אויך בײַ דעם קאָקוס־מיטינג פֿון דעם צווייטן לאָקאַל איז אויפֿגעקומען דער געדאַנק זיך אָנצופֿרעגן בײַ דעם „אומפּאַר־טייאישן" קאָמיסאַר. אויך דער צווייטער קאָמיסאַר האָט גע־ראַטן אַז דאָס געלט טאָר נישט אַרײַנפֿאַלן אין „פֿרעמדע הענט". און דעריבער האָט ער אויך „רעקאָמענדירט" אַז מען זאָל אוועקגעבן די עטלעכע הונדערט דאָלאַר צו... דער איינציקער „רעוואָלוציאָנערער" יידישער צײַטונג — „די פֿרײַהייט".

אַזוי איז אויך גיך פֿאַרגעקומען די „פֿאַראייניקונג" פֿון ביידע „טרעזשורים" אין דער איין „טרעזשורי"... פֿון דער „פֿרײַהייט".

אָבער בײַ דעם איז עס געבליבן. עס האָבן זיך באַלד פֿון דאָס נײַ אָנגעהויבן מחלוקות וועגן די באַאַמטע און וועלכער לאָקאַל זאָל קריגן מער כּבֿוד און די פֿאַרהאַנדלונגען וועגן אַ פֿאַראייניקונג זײַנען ענדגילטיק איבערגעריסן געוואָרן.

## ער דאַרף שוין ניט די יוניאָן

אין דער לעיבאָר-ביוראָ, וואו די אַרבעטער פֿלעגן קומען נאָך דזשאָבס, איז זעליג געווען פֿאַררעכנט אַלס דער גרעסטער ליידיקגייער. זעליג האָט כּמעט געוואוינט אין דער לעיבאָר-ביוראָ, און זעלטן געאַרבעט.

איין מאָל קומט זעליג צוגיין צו דער עקזעקוטיווע פֿון דער יוניאָן, און מיט טרערן אין די אויגן, באַווײַזט ער אַ דיספּאָזעס פֿון זײַן לענדלאָרד און דערקלערט, אַז אויב די יוניאָן וועט אים ניט שטיצן, וועט אים דער לענדלאָרד אַרויסוואַרפֿן פֿון דער דירה.

די עקזעקוטיווע האָט אים געשטיצט מיט 15 דאָלער, און אַ צופֿרידענער איז ער אַרויס פֿון מיטינג.

די געשיכטע האָט זיך ווידערהאָלט יעדן מאָנאַט, און יעדער מאָל איז זעליג אַרויס פֿון דעם עקזעקוטיוו-מיטינג אַ צופֿרידענער.

פּלוצעם איז זעליג פֿאַרשוואונדן. ניט נאָר איז ער מער ניט געקומען צו דער עקזעקוטיווע נאָך שטיצע, נאָר מען האָט אים אויך מער ניט געזען אין דער לעיבאָר-ביוראָ, פֿאַרשוואונדן — און פֿאַרגעסן.

און מיט אַ מאָל באַווײַזט ער זיך ווידער אין דער לעיבאָר-ביוראָ. די ברידער האָבן זיך מיט אים אַרומגעכאַפּט און גענומען אים אויספֿרעגן וואו ער איז געווען די גאַנצע צײַט.

מען האָט זיך געוואונדערט, אפֿשר האָט ער שוין גאָר געפֿונען אַ גוטן דזשאָב.

זעליג האָט געענטפֿערט אַז ניין, קיין דזשאָב האָט ער ניט. — „איך האָב שוין צוויי יאָר" — זאָגט ער — „ניט געאַרבעט, און עס זעט אויס אַז איך וועל שוין ניט אַרבעטן".

ווען דער פּרעזידענט פֿון דער יוניאָן האָט אים געפֿרעגט צי ער קלײַבט זיך קומען צום מיטינג פֿון דער עקזעקוטיווע נאָך רענט, האָט ער מיט שטאָלץ אויסגערופֿן:

— „איך דאַרף שוין נים אײַערע טובֿות! איך װעל מער נים בעטן בײַ אײַך איר זאָלט מיך שטיצן מיט דירה־געלט — איך האָב מיר געקויפֿט אַן אייגן הײַזל...“

## ווער איז מיסטער טאָטל

דער גרעסטער סטרײַק, וואָס ניו־יאָרק האָט ווען עס איז געזען, איז אָן צווייפל געווען דער גענעראַל־סטרײַק פון די מע־נער־שנײַדערס אין אָנהייב פונעם יאָר 1913. די פירערס פון יענעם סטרײַק האָבן אַליין ניט געוואוסט וויפל שנײַדערס עס זײַנען אַרויס אין סטרײַק. די צײַטונגען האָבן געשאַצט 70 טויזנט. מ׳קען באַשטימט זאָגן אַז איבער 50 טויזנט שנײַדערס זײַנען געווען פאַרוויקלט אין יענעם היסטאָרישן סטרײַק.

פאַר דעם סטרײַק האָט כּמעט ניט עקסיסטירט קיין יוניאָן אין דעם שנײַדערפאַך. די עטלעכע פירערס פון דער אַזויגע־רופענער יוניאָן האָבן אין זייער פּראָפּאַגאַנדע, סײַ אין דער פּרעסע און סײַ אויף פאַרזאַמלונגען, געמוזט שאַפן אַן אײַנדרוק בײַ די שנײַדערס, אַז הינטער זיי שטייט ניט נאָר אַ מעכטיקע יוניאָן, נאָר אויך אַ מעכטיקע אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס וועט זיי באַשיצן, ווען זיי וועלן אַרויסגיין אין אַ סטרײַק.

דאָס איז ניט געווען אַ סטרײַק ווי מיר פאַרשטייען עס הײַנט, נאָר אַ מעכטיקע לאַווע פון מענטשן האָט זיך אַ גאָס געטאָן אַרום די האָלס, וואו די סטרײַקערס האָבן זיך פאַרזאַמלט. די שטאָט־רעגירונג, די פּאָליציי, זײַנען געווען קעגן די סטרײַ־קערס. די יוניאָן האָט ניט געהאַט קיין גראָשן בײַ דער נשמה צו קענען באַפרײַען די סטרײַקערס, וואָס די פּאָליציי פלעגט יעדן טאָג אין די הונדערטער אַרויסכאַפּן פון די פּיקעט־לײַנס. די האָל־אייגנטימערס, וואו די סטרײַקערס זײַנען זיך צוזאַ־מענגעקומען, האָבן געפאָדערט דירה־געלט. עס האָבן געפעלט אויך אַנדערע נייטיקע פינאַנציעלע מיטלען פאַר אַ סטרײַק.

די שנײַדערס, וואָס האָבן געהונגערט אַפילו ווען זיי זײַנען געווען באַשעפטיקט, האָבן מער ווי אַ וואָך צײַט ניט געקענט אויסהאַלטן. זײַנען זיי געקומען צו די פירערס פון דער יוניאָן

נאָך שטיצע. די פֿירערס פֿון סטרײַק האָבן אײַנגעזען, אַז עפּעס מוז מען טאָן כּדי צו שטיצן אויב ניט אַלע סטרײַקערס, איז לכל הפּחות עטלעכע טויזנט פֿון זיי, אַז ניט — איז געווען די געפֿאַר אַז אַלץ זאָל פֿאַרלאָרן גיין.

האָבן די סטרײַק־פֿירערס זיך געווענדט צום „פֿאָרווערטס" וואָס איז געווען דער הויפּט־אָרגאַן פֿון סטרײַק, אַז ער זאָל אַרויסלאָזן אַ רוף צו זײַנע לעזערס נאָך שטיצע. אין עטלעכע טעג אַרום איז אויף דער ערשטער זײַט פֿון דער צײַטונג דער־שינען אַ וואַרעמער רוף צו אַנדערע יוניאָנס ווי אויך צו די לע־זערס. און באַלד טאַקע האָט אין „פֿאָרווערטס" יעדן טאָג גע־נומען דערשײַנען אַ ליסט מיט נעמען און ווי פֿיל יעדער האָט בײַגעשטײַערט. נאַטירלעך אַז עס איז אויך געווען אונטער־געצויגן אַ סך־הכּל פֿון דעם טאָגס קוויטירונג, דער „טאָטל" אַזוי פֿיל, און „גרענד טאָטל" אַזוי פֿיל און אַזוי פֿיל.

די סומע וואָס דער „פֿאָרווערטס" האָט דאַן געזאַמלט, איז ניט געווען גענוג אויף צו באַצאָלן די געריכט־קאָסטן און בעיל פֿאַר די סטרײַקערס. די צאָל הונגעריקע שנײַדערס איז מיט יעדן טאָג געוואַקסן און די יוניאָן האָט פֿאַר זיי גאָר ניט געקענט טאָן.

די סטרײַק־קאָמיטע האָט געהאַט אירע זיצונגען יעדן אָוונט כּדי אויסצוהערן באַריכטן פֿון די פֿאַרשיידענע קאָמיטעס. איין מאָל האָבן צו אַזאַ זיצונג פֿון דער סטרײַק־קאָמיטע אַרײַנגע־מאַרשירט עטלעכע הונדערט סטרײַקערס און מיט טרערן אין די אויגן געפֿאָדערט סטרײַק־בענעפֿיט, ווײַל זייערע פֿרויען און קינדער קענען מער ניט הונגערן.

דער פֿאָרזיצער האָט זיי דערקלערט, אַז די יוניאָן פֿאַרמאָגט ניט קיין פּעני צו קענען זיי שטיצן און זיי אָנגעוויזן, אַז 50 טויזנט פֿון זייערע ברידער זײַנען ניט אין קיין בעסערער לאַגע און לײַדן שטילערהייט הונגער.

שטעלט זיך אויף איינער פֿון די סטרײַקערס, כאַפּט אַרויס אַ „פֿאָרווערטס" פֿון קעשענע און רופֿט אויס: — „אָט זעט! ניט נאָר קריגט איר אַרײַן יעדן טאָג געלט פֿון אַנדערע יוניאָנס,

נאָר אַפילו די רײַכע ייִדן שיקן יעדן טאָג אַרײַן געלט פֿאַר אונדז סטרײַקערס, ספּעציעל — רופֿט ווײַטער אויס דער זעלבער סטרײַקער — „איז פֿאַראַן אַ רײַכער ייִד מיטן נאָמען מיסטער טאָטל וואָס גיט אונדז אַ סך געלט, אָבער דער צווייטער ייִד, דער מיסטער גרענד טאָטל, ער איז גאָר אַ גאָלדענער מענטש, ער גיט דאָך אַוועק זײַן גאַנץ פֿאַרמעגן! און איר זאָגט אונדז אַז איר האָט קיין געלט ניט...״

## דער פינאַנץ-באַריכט

בײַם אָנהייב פֿון דער ייִדישער טרעיד-יוניאָן-באַוועגונג, דאָ אין לאַנד, זײַנען אונדזערע יוניאָנס פֿאַרוואַלט געוואָרן אויף אַ זייער פּרימיטיוון אופֿן.

אין דעם „אָפֿיס" פֿון דער יוניאָן איז געשטאַנען אַ צעבראָ־כענער שרײַבטיש, אין וועלכן עס האָבן זיך געפֿונען עטלעכע שטיקלעך פּאַפּיר. אין מיטן שטוב איז געווען אַן אויוון, וועלכן מען פֿלעגט הייצן, ווען אין דרויסן איז געווען זייער קאַלט. דער דאָזיקער אויוון איז אַזוי געשטאַנען דאָס גאַנצע יאָר ווי אַ טייל פֿון אָפֿיס-מעבל.

וועגן פֿירן אַ חשבון מיט פֿינאַנץ-ביכער האָט קיינער גאָר־ניט געטראַכט. אוודאי איז קיינעם נישט אײַנגעפֿאַלן זיך צו דערלויבן אַזאַ לוקסוס ווי אָנצושטעלן אַ בוכהאַלטער.

דעם גאַנצן יוניאָן-אַרכיוו האָט דער פֿירער פֿון דער יוניאָן געטראָגן בײַ זיך אין דער קעשענע: די פּראָטאָקאָלן פֿון די זי־צונגען, די אָפּמאַכן מיט די באַלעבאַטים, די נעמען און אַדרעסן פֿון די מיטגלידער, און אויך די פֿינאַנציעלע חשבונות פֿון דער יוניאָן.

עס איז ניט געווען קיין טאָלק ווער ס'האָט באַצאָלט דעם שטײַער אין דער יוניאָן און ווער נישט. דער פֿירער האָט אַליין צונויפֿגענומען דעם שטײַער פֿון די אַרבעטער אין די שעפּער. בײַ וועמען ער האָט נאָר געקענט קריגן עטלעכע סענט — האָט ער גענומען און אַפֿילו נישט אַרויסגעגעבן קיין קבלה. דאָנער־שטיק איז געווייינטלעך געווען דער טאָג, ווען ער פֿלעגט גיין איבער די שעפּער איינמאָנען דעם שטײַער, ווײַל פֿרײַטיק פֿלעגט ער דאַרפֿן קריגן זײַנע אייגענע שכירות און אויב ער האָט נישט קאָלעקטירט גענוג דאָנערשטיק האָט ער אַליין נישט געהאַט אויף שבת.

איין מאָל — ווען עס איז געווען אַ יוניאָן-מיטינג — האָבן

די מיטגלידער פֿון אַ געוויסער יוניאָן אויפֿגעהויבן אַ טומל און געפֿאָדערט פֿון זייער פֿירער אַז ס'איז שוין די העכסטע צײַט אַז ער זאָל אָפּגעבן אַ פֿינאַנץ-באַריכט. דער פֿירער האָט זיך געבעטן אַז מ'זאָל די דאָזיקע פֿראַגע אָפּלייגן כּדי ער זאָל קע־נען צוגרייטן אַזאַ באַריכט. זײַן אָפּיל האָט ווייניק געהאָלפֿן און מ'האָט אויסגעקליבן אַ קאָמיטע פֿון דרײַ צו „אונטערזוכן די ביכער".

נאָך דער אונטערזוכונג האָט די קאָמיטע אַרויסגעלאָזן אַ ליפֿלעט אין די שעפּער און גערופֿן די אַרבעטער צו אַ ספּעשל-מיטינג אויסצוהערן אַ פֿינאַנץ-באַריכט. דער דאָזיקער מי־טינג איז געווען זייער שטאַרק באַזוכט, ווײַל יעדער איינער איז געווען נײַגעריק צו הערן וואָס וועט די קאָמיטע באַריכטן וועגן די נישט זייער שיינע קלאַנגען, וואָס האָבן זיך אַרומגעטראָגן וועגן זייער פֿירער און וועגן דעם אופֿן ווי ער האָט פֿאַרוואַלט מיט די פֿינאַנצן פֿון דער יוניאָן.

דער ערשטער וואָס האָט גענומען דאָס וואָרט אָפּצוגעבן דעם פֿינאַנץ-באַריכט איז געווען משה דער בלינדער, (אין דער יוניאָן האָט יעדער געהאַט אַ צונאָמען) דער צווייטער איז גע־ווען מענדל דער קרומער, און דער דריטער — יאָשקע דער האָרבאַטער. אַלע דרײַ האָבן זיי דערציילט ווי אַזוי עס איז זיי געווען שווער זיך צו דערגרונטעווען כּדי עפּעס אויסצוגעפֿינען וועגן די פֿינאַנצן. איז דער עולם געוואָרן אומגעדולדיק און געפֿאָדערט אַז די פֿינאַנץ-קאָמיטע זאָל שוין אַרויסקומען מיט דער אמתער סחורה! דאָ האָט זיך אויפֿגעשטעלט משה דער בלינדער און אויסגערופֿן — „פּונקט ווי איך קען נישט זען אַנ־דערע זאַכן אַזוי האָב איך נישט געזען קיין ביכער, און אַזוי ווי ברודער מענדל איז קרום אַזוי קרום זײַנען די ביכער, און ווי איר קענט ניט אויסגלײַכן ברודער יאָשקעס הויקער, אַזוי קענט איר נישט אויסגלײַכן די ביכער". אַזאַ באַריכט האָט נישט געקענט באַגײַסטערן די מאַסע. און טאַקע יענעם אָוונט האָט מען דערוויילט אַ קאָמיטע פֿון גלײַכע מענטשן וואָס האָבן גע־דונגען אַ בוכהאַלטער און פֿון דאַן אָן איז די יוניאָן אַרויף אויף אַ גלײַכן וועג.

## יוניאָן עלעקשאָן ליטעראַטור

אין איינער פֿון אונדזערע יוניאַנס איז געווען אַ סעקרעטאַר־טרעזשורער, אַ שטילער און אַ באַשיידענער מענטש. אין דער יוניאָן־פּאָליטיק האָט ער זיך ניט געמישט. זײַן אויפֿגאַבע איז געווען אַכטונג צו געבן אויף די ביכער פֿון דער יוניאָן. כּמעט אַלע מעמבערס האָבן אים רעספּעקטירט און געליבט, זײַנע פֿליכטן האָט ער דערפֿילט אויפֿן בעסטן אופֿן.

20 יאָר איז ער געשטאַנען אויף זײַן פּאָסטן. בטבֿע איז ער געווען אַ שפּאָרזאַמער מענטש. דורך די 20 יאָר האָט ער אָפּגעשפּאָרט גענוג געלט זיך צו קויפֿן אַן אייגן הויז.

איז אין דער דאָזיקער יוניאָן פֿאָרגעקומען וואַלן פֿאַר באַאַמטע, און די קאָמוניסטן האָבן אַרויסגעשטעלט אַן אייגענעם צעטל קאַנדידאַטן, אויך אַ קאַנדידאַט קעגן דעם סעקרעטאַר־טרעזשורער.

האָבן די קאָמוניסטן געהאַט גרויסע שוועריקייטן צו געפֿינען אַן „אישו" קעגן אים.

איז זיי אײַנגעפֿאַלן אַרויסצולאָזן אַ ליפֿלעט קעגן דעם סעקרעטאַר, אַז ער לעבט ווי אַן עושר, פֿאַרמאָגט אַן אייגענע הויז מיט די שענסטע מעבל און אַלץ... אויף דעם חשבון פֿון דער יוניאָן.

אין דעם פֿאַך האָט דאַן געהערשט אַ ביטערע סלעק, און דער קאָמוניסטישער ליפֿלעט קעגן דעם סעקרעטאַר האָט געמאַכט אַ שטאַרקן אײַנדרוק אויף די אַרבעטסלאָזע מעמבערס. די אָנהענגערס פֿונעם סעקרעטאַר האָבן זיך געשראָקן אַז ער וועט נאָך דורכפֿאַלן.

וואָס טוט מען?

נאָך אַ לאַנגער דעבאַטע האָט מען באַשלאָסן אין דער קעגן־

אגיטאַציע ניט צו פֿאַרלייקענען דעם אמת. באַלד האָט זיך באַוויזן אַ ליפֿלעט, וואָס האָט זיך טיילווײַז געלייענט אַזוי:

„אונדזערע קעגנערס זאָגן אין זייער עלעקשאָן ליטעראַטור, אַז אונדזער סעקרעטאַר פֿאַרמאָגט אַן אייגענע הויז מיט שיינע פֿאַרניטשור, מיר גיבן צו אַז דאָס איז אמת. מיר גיבן אויך צו" — זאָגט זיך ווײַטער אין דעם ליפֿלעט — „אַז אײַער קאַנדידאַט האָט ניט קיין אייגענע הויז, און נײַע פֿאַרניטשור. טאָ איז וואָס? עס איז דאָך דאָ אַ געפֿאַר, אַז ווען איר זאָלט דערוויילן דעם קאָמוניסטישן קאַנדידאַט, וועט ער זיך גלײַך קויפֿן אַן אייגענע הויז מיט נײַע פֿאַרניטשור אויף דער רעכענונג פֿון אונדזער יוניאָן. אונדזער סעקרעטאַר האָט דאָך שוין אַן אייגענע הויז, און טאַקע נײַע פֿאַרניטשור, און ער נייטיקט זיך דאָך מער ניט אין די אַלע זאַכן. דעריבער שטימט פֿאַר אים, וועט איר אײַנשפּאָרן געלט דער יוניאָן".

דער דאָזיקער ליפֿלעט האָט געווירקט, און דער אַלטער סעקרעטאַר איז דאָס מאָל דערוויילט געוואָרן מיט נאָך אַ גרעסערער צאָל שטימען ווי פֿריִער.

## פאַר וואָס איז ער קעגן דער אַמאַלגאַמייטעד

אין דעם שנײַדערפֿאַך איז ער געווען באַקאַנט אַלס „יאָסל דער שטאַמלער". דאָס איז געווען אַ ייִד אַ האָרעפּאַשניק, וואָס האָט געאַרבעט — איידער די שנײַדערס האָבן זיך אָרגאַניזירט אין אַ יוניאָן — טאָג און נאַכט. בײַ יאָסלען איז געווען רעכט צו קומען דער ערשטער אין שאַפּ און אַוועקגיין דער לעצטער. ער איז געווען דער ליבלינג פֿון די באַלעבאַטים, ווײַל יאָסל איז געווען אַ געבוירענער שקלאַף און געטאָן אַלע סאָרטן אַר־בעטן וואָס דער באַלעבאָס האָט נאָר געהייסן.

נאָך דעם גרויסן שנײַדער סטרײַק אין 1913, ווען די יוניאָן האָט אויפֿגעפֿאָדערט די אַרבעטער צו פֿאַרלאָזן די שעפּער אין אַ באַשטימטער שעה, האָט יאָסל זיך ניט געקענט צוגעוואוינען צו דער נײַער אָרדענונג. באַזונדערס איז ער געווען אין כּעס וואָס די יוניאָן צווינגט אים אַזוי פֿרי אַוועקצולייגן די אַרבעט.

ווען די איצטיקע אַמאַלגאַמייטעד האָט פֿאַרלאָזן די יונײַטעד גאַרמענט וואָרקערס, און זיך אַ נאָמען געגעבן „די אַמאַלגאַמייטעד קלאָדהינג וואָרקערס אָוו אַמעריקאַ", האָט מען געפֿאָדערט פֿון די שנײַדערס אַז זיי זאָלן אויסבײַטן די יוניאָן־ביכלעך, דער דאָזיקער פּראָצעס האָט געדויערט אַ לאַנגע צײַט. מען האָט געשיקט קאָמיטעס אין די שעפּער און אויפֿגעפֿאָדערט די אַר־בעטער צו בײַטן זייערע ביכלעך. אַרבעטער, וואָס האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו בײַטן די יוניאָן־ביכלעך האָט מען גערופֿן צו דער גריוועגס־קאָמיטע און באַשטראָפֿט.

איינער פֿון די, וועמען מען האָט גערופֿן צו דער גריוועגס־קאָמיטע פֿאַר ניט וועלן בײַטן דאָס יוניאָן־ביכל, איז געווען יאָסל דער שטאַמלער. ווי נאָר דער טשערמאַן פֿון דער גריוועגס־

קאָמיטע איז פֿאַרטיק געוואָרן מיט דער אָנקלאַגע, האָט ער געפֿרעגט בײַ יאָסלען וואָס ער האָט צו ענטפֿערן אויף דער קלאַגע. יאָסלען איז נעבעך געווען שווער צו ריידן. מיט מאַטערניש האָט ער דאָך ווי עס איז דערקלערט די אמתע אורזאַך פֿאַר וואָס ער האָט זיך אָפּגעזאָגט צו בײַטן זײַן יוניאָן־ביכל.

„איך בין" — האָט ער אָנגעהויבן שטאַמלען — „געגאַנגען זוכן אַ דזשאַב אין אַ שאַפּ. האָאָאָט מממען מממיך געפֿרעגט צצו וווואָס פֿפֿאַר אַאַאַ יוניאָן אאאיך בבבאַלאַנג, האָב איך דאָך באַדאַרפֿט זאָגן אַז איך באַלאַנג צו דער אַאַאַמממאַאַאַלגגאַ־ממײַטטעד קקקלאַדינג וווואָרקערס אַאַאָוו אַאַמממעריקע, נו, בבביז אאאיךך ההאַאָב געקענט אַרויסזאָגן אַאַאַזזאַ לאַנגן נאָמען איז דערווײַל אַאַאַווועק דדדעער סססעזזאָן.

## די „אַלגאַמייטעד"

אין אָנהייב, איז דער נאָמען אַמאַלגאַמייטעד נישט נאָר געווען שווער אַרויסצוזאָגן פאַר שטאַמלערס, נאָר אויך נאָרמאַלע מענטשן איז אָנגעקומען שווער אַרויסצוזאָגן דאָס וואָרט אַמאַלגאַמייטעד, און די מערסטע האָבן געזאָגט „אַלגעמייטעד".

ביי אַ מיטינג פון אַ לאָקאַל, האָט אַ מיטגליד שאַרף קריטיקירט אַ באַאַמטן פון דער יוניאָן פאַר ניט דורכפירן די באַשלוסן פון דער יוניאָן. דער דאָזיקער מיטגליד איז אויך געווען איינער פון די וואָס האָט אָנשטאָט „אַמאַלגאַמייטעד" תמיד געזאָגט „אַלגעמייטעד". דער באַאַמטער האָט אים פאָרגעוואָרפן, אַז איידער ער קריטיקירט אַ באַאַמטן זאָל ער זיך פריער בעסער אויסלערנען ריכטיק אַרויסזאָגן דעם נאָמען פון זיין יוניאָן. איז דער אַרבעטער אויפגעשפרונגען פון זיין אָרט און אויסגערופן מיט כּעס — „זעט נאָר ווער עס לערנט מיך אַרויסזאָגן דעם נאָמען פון מיין אַלגעמייטעד, ווען איך בין אַריין אין דער אַלגעמייטעד ביסטו דאָך אַפילו ניט געווען קיין מעמבער פון אַלגעמייטעד...

# פּרעסערס אַלס דיפּלאָמאַטן

די ערשטע צײַטן איז אין אַ געוויסער יוניאָן ניט גע־וועָן געניי באַשטימט ווי גרויס עס דאַרף זײַן דער אײַנטריט־געלט פֿאַר נײַע מיטגלידער. יעדער לאָקאַל האָט געהאַנדלט לויט זײַן אײַנזען. האָבן געוויסע לאָקאַלס דאָס אויסגענוצט און זיך געלאָזט וואוילגיין אויפֿן חשבון פֿון די נײַע מיטגלידער. מען האָט אָפֿט געשונדן פֿון זיי די הויט.

ספּעציעל האָט די לאַגע מיסברויכט דער פּרעסערס לאָקאַל. צו ווערן אַ מיטגליד אין דעם לאָקאַל האָט געקאָסט הונדערט דאָלער און אָפֿט מאָל פֿיל מער.

אויף איינער פֿון די קאָנווענשאָנס פֿון דער יוניאָן האָט מען דעריבער אַרײַנגעבראַכט אַ רעזאָלוציע אַז קיין לאָקאַל טאָר ניט רעכענען מער ווי צען דאָלער פֿאַר אַ יוניאָן־ביכל. די דעלעגאַטן פֿון דעם פּרעסערס לאָקאַל האָבן זיך זייער שטאַרק געשטעלט קעגן דער רעזאָלוציע און אויפֿגעהויבן אַ גוואַלד, אַז מען קוילעט זיי... די רעזאָלוציע איז אָבער אָנגע־נומען געוואָרן מיט אַ גרויסער מערהייט.

ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, האָבן אַלע לאָקאַלס איבערן לאַנד באַשטעטיקט דעם באַשלוס פֿון דער קאָנווענשאָן. דער איינציקער לאָקאַל, וואָס האָט געשטימט קעגן, איז געווען דער פּרעסערס לאָקאַל.

דער לאָקאַל האָט זיך ווייניק גערעכנט מיט דעם באַשלוס און פֿאַרגעזעצט צו רעכענען דעם זעלבן פּרײַז פֿאַר אַ יוניאָן־ביכל ווי פֿריִער. די יוניאָן האָט דעם לאָקאַל געוואָרנט אַז מ'וועט בײַ אים צונעמען דעם טשאַרטער, אויב ער וועט ניט דורכפֿירן דעם באַשלוס פֿון דער גאַנצער מיטגלידערשאַפֿט.

די פּרעסערס האָבן אָבער זייער שטאַרק ניט געוואָלט זיך

שיידן מיט זייער פּריוערדיקער טאַקטיק און מיט די גרויסע סומעס וואָס פלעגט אַרײַנקומען פון נײַע מיטגלידער.

זײַנען זיי געפאַלן אויף אַן אָריגינעלן פּלאַן.

אין דער זעלביקער צײַט ווען די מעמבערשיפ־קאָמיסיע פון לאָקאַל האָט געהאַלטן אירע זיצונגען אויפצונעמען נײַע קאַנדי־דאַטן, איז אין אַ זײַטיקן צימער געזעסן די גריוועגס־קאָמיטע פון לאָקאַל—די קאָמיטע וואָס איר אויפגאַבע איז צו באַשטראָפן מיטגלידער וואָס האָבן מיט עפּעס זיך פאַרזינדיקט קעגן דער יוניאָן. ווען ס'האָט זיך באַוויזן אַ קאַנדידאַט וואָס האָט גע־וואָלט אַרויסנעמען אַ יוניאָן־ביכל, האָט מען דעם דאָזיקן קאַנ־דידאַט צו ערשט אַרײַנגעפירט צו דער גריוועגס־קאָמיטע און פאַרפירט קעגן אים אַ קלאַגע: אַזוי ווי ער איז טאַקע אַ פּרעסער און האָט ניט קיין ביכל, איז דאָך אַ באַווײַז אַז ער האָט געאַר־בעט אין אַ שאַפּ וואָס די יוניאָן האָט געוואָלט אָרגאַניזירן און ס'איז איר ניט געלונגען, אַז ניט וואָלט ער דאָך אַרײַנגעקומען אין דער יוניאָן מיטן גאַנצן שאַפּ. איז דאָך דאָס דער בעסטער באַווײַז, אַז ער האָט געסקעבט, קומט אים שטראָף. האָט די גריוועגס־קאָמיטע אים באַשטראָפט מיט נײַנציק דאָלער, און ווען דער קאַנדידאַט האָט שוין געהאַט אײַנגעצאָלט די נײַנציק דאָלער, האָט מען אים אַרײַנגעפירט צו דער מעמבערשיפ־קאָ־מיטע, און פאַר 10 דאָלער, — לויט דער קאָנסטיטוציע פון דער יוניאָן — אים אַרויסגעגעבן אַ יוניאָן־ביכל...

## בעטהאָווענס פינפטע סימפאָניע

אַ געוויסע יוניאָן האָט זיך געגרייט צו פּײַערן דעם ערשטן מאַי מיט אַ קלאַסישן קאָנצערט אין קאַרנעגי־האָל. אויף דעם קאָנצערט האָבן געזאָלט אויפּטרעטן באַרימטע זינגערס און אויך אַ סימפאָנישער אָרקעסטער. די יוניאָן האָט דעם קאָנצערט ברייט רעקלאַמירט ניט נאָר אויף אַלע יוניאָן־מיטינגען, נאָר זי האָט אויך געלאָזט אויסהענגען אין די שעפער ספּעציעלע פּאָוסטערס מיט די בילדער פון די אַרטיסטן.

איינער פון די באַלעבאַטים איז געוואָרן באַגײַסטערט וואָס די יוניאָן גרייט צו פאַר די אַרבעטער אַזאַ רײַכן קאָנצערט. האָט זיך אים פאַרוואָלט אויך קומען צו דעם קאָנצערט. האָט ער גע־קראָגן צוויי טיקעטס כּדי ער זאָל קענען מיט דער ווײַב זײַן בײַ דעם קאָנצערט אין קאַרנעגי האָל, אין דעם האָל וועגן וועלכן ער האָט אַזוי פיל געהערט, אָבער אַליין איז ער דאָרטן נאָך קיין מאָל ניט געווען.

אַז דער דאָזיקער באַלעבאָס איז געקומען אַהיים צו דער ווײַב, האָט ער איר אָנגעזאָגט די פרייליכע בשורה, אַז ער נעמט זי צו אַ קאָנצערט אין דעם באַרימטן קאַרנעגי־האָל, וואו עס וועלן אויפטרעטן די גרעסטע אַרטיסטן. ער האָט איר אויך אָנגעזאָגט זי זאָל זיך אויספּוצן אין אירע בעסטע קליידער.

אין דעם טאָג פון קאָנצערט איז די ווײַב זײַנע אַוועק אין אַ ביוטי־פּאַרלאָר, אויסגעפּוצט זיך אין עסיק און אין האָניק, און אַזוי איז זי מיט איר מאַן אַוועק אין קאַרנעגי־האָל.

האָט געטראָפן אַז זיי האָבן צוליב דעם וואָס די ווײַב האָט זיך אַזוי לאַנג געפּוצט פאַרשפּעטיקט. ווען זיי זײַנען אַרײַן אין האָל האָט דער אָרקעסטער שוין געהאַט אָנגעהויבן שפּילן. די אַשערקע האָט זיי געזאָגט זיי זאָלן וואַרטן אין קאָרידאָר ביז דער אָרקעסטער וועט פאַרענדיקן דעם נומער.

דער באַלעבאָס איז געווען נײַגעריק צו וויסן ווי מ׳האַלט מיטן קאָנצערט, גיט ער אַ פֿרעג די אָשערקע — „ווי לאַנג גייט שוין אָן דער קאָנצערט? און וואָס שפּילט מען איצט?״ — די אָשערקע ענטפֿערט אים אַז דאָס איז דער ערשטער נומער, און דער אָרקעסטער שפּילט בעטהאָווענס פֿינפֿטע סימפֿאָניע.

איז דער באַלעבאָס געוואָרן זייער אין כּעס וואָס ער האָט צוליב דער ווײַב פֿאַרשפּעטיקט. ער איז צו צו איר און אַ זאָג געטאָן מיט רוגזה:

— „דו, מיט דײַנע ביוטי־פּאַרלאָרס, צוליב דיר האָבן מיר שוין פֿאַרפֿעלט 4 סימפֿאָניעס...״

## קאָלעקטיוו באַרגײנינג

אין איינער פֿון אונדזערע גרויסע יוניאָנס איז געווען איינ־געפֿירט, אַז ווען עמעצער ווערט נאָמינירט פֿאַר אַן אַמט, דאַרף ער דורכגיין אַן עקזאַמען צי ער איז פּאַסיק פֿאַר דעם דאָזיקן אַמט, איידער מען שטעלט אַרויף זײַן נאָמען אויפֿן באַלאָט.

אַז דער קאַנדידאַט זאָל ניט האָבן קיין טענה אַז מען איז קעגן אים באַגאַנגען אַן עוולה, האָט מען פֿאַר דעם דאָזיקן צוועק אויסגעקליבן אַן אומפּאַרטייאישע קאָמיטע, וואָס איז באַשטאַנען פֿון אָנגעזעענע מענטשן פֿון דער אַרבעטער־באַוועגונג, צו וועמען אַלע קאַנדידאַטן האָבן געהאַט גרויס צוטרויען.

איין מאָל דערשײַנט פֿאַר אַזאַ קאָמיטע אַ קאַנדידאַט. זי האָט אים גענומען שטעלן פֿאַרשיידענע פֿראַגעס, און צווישן אַנדערע פֿראַגעס האָט דער פֿאָרזיצער געבעטן דעם קאַנדידאַט ער זאָל דערקלערן, וואָס עס איז אַזוינס קאָלעקטיוו באַרגיי־נינג? צו ערשט איז דער קאַנדידאַט געוואָרן צעטומלט, ער איז אָבער באַלד געקומען צו זיך און געענטפֿערט — „קאָלעק־טיוו באַרגײנינג", מיינט אַז איר דאַרפֿט צו ערשט באַרגיינען מיטן באַלעבאָס, און ווען איר קומט מיט אים דורך, קענט איר גיין צו אים קאָלעקטן...."

## באַרימטע טשערלייט

פֿאַרשיידענע אַנעקדאָטן, וויצן און מעשהלעך, דערציילט מען וועגן די טשערלײַט וואָס פֿירן די פֿאַרזאַמלונגען אין די יוניאָנס, פּראָפֿעסיאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס און לאַנדסמאַנשאַפֿטן. מיר וועלן דאָ איבערגעבן איניקע פֿון זיי.

אַ לאָקאַל פֿון אַ יוניאָן האָט דערהאַלטן אַ צושריפֿט פֿון די נאַציאָנאַלע באַאַמטע צו דערוויילן דעלעגאַטן צו אַ קאָנווענשאָן. לויט דער צאָל מיטגלידער וואָס דער לאָקאַל האָט געהאַט, איז ער ניט געווען באַרעכטיקט מער ווי צו איין דעלעגאַט.

דער פֿאָרזיצער איז געווען אַ ייִד וואָס איז געווען שטומפּיק אין דער ענגלישער שפּראַך. דעם מיטינג האָט מען געמוזט פֿירן אין ענגליש, מחמת אין דעם לאָקאַל האָבן זיך אויך געפֿונען ניט־ייִדישע אַרבעטער.

די ברידער האָבן געמאַכט נאָמינאַציעס. ווען דער פֿאָר־זיצער האָט אָנגעפֿרעגט די נאָמינירטע צי זיי נעמען אָן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז בלויז איינער האָט אָנגענומען.

דער פֿאָרזיצער האָט געהייסן דעם קאַנדידאַט אַרויסגיין פֿון זאַל ווען די אָפּשטימונג וועט פֿאָרקומען, און דער קאַנדידאַט איז אײַנשטימיק דערוויילט געוואָרן.

ווען מ׳האָט אים צוריק אַרײַנגערופֿן, האָט זיך דער פֿאָר־זיצער אויפֿגעשטעלט און כּדי אים צו לאָזן וויסן אין ענגליש אַז ער איז אײַנשטימיק דערוויילט געוואָרן, רופֿט ער אויס: „בראָדערס! אײַ דיקלער דהיס בראָדער עלעקטעט בײַ ע נ י מ ע ל ס״.

אין אַ זײַט איז געזעסן אַ מיטגליד וואָס איז געווען אַ שונא פֿון דעם נאָר וואָס דערוויילטן דעלעגאַט צו דער קאָנווענשאָן. אָבער שטימען קעגן האָט אים ניט געפּאַסט. דאָ האָט ער אָבער געהאַט אַ געלעגנהייט זיך מיט אים אָפּצורעכענען, שטעלט ער זיך אויף און רופֿט אויס צום פֿאָרזיצער, — „מיסטער טשער־מאַן! יו סעד אַ מאַוטהפֿול״.

## ער איז ניט קראַנק אַליין צו קומען

אין איינער פֿון אונדזערע ייִדישע אָרגאַניזאַציעס איז בײַ אַ מיטינג פֿאָרגעקומען עפּעס אַ הייסע דיסקוסיע. איינער פֿון די רעדנערס איז בײַ דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע געווען באַקאַנט מיט דעם וואָס ער האָט ליב געהאַט תּמיד צו ציטירן גרויסע מענטשן. ווען ער האָט זיך אויפֿגעשטעלט ריידן, האָבן די מיטגלידער שוין געוואוסט אַז ער וועט עמעצן ציטירן.

דאָס מאָל האָט דער רעדנער ציטירט מאַרקסן. מאַרקס האָט אין דעם „קאַפּיטאַל" געזאָגט אַזוי, אין אַ צווייטן אָרט דערקלערט מאַרקס פֿאַר וואָס דער קאַפּיטאַליזם מוז באַנקראָטירן, אד"גל.

דער פֿאָרזיצער, אַ ייִד אַ ביזנעסמאַן, האָט ניט געקענט פֿאַרטראָגן דעם רעדנער, וועלכער זאָגט אַז דער קאַפּיטאַליזם מוז באַנקראָטירן, רײַסט ער אים איבער און רופֿט אויס:

— „הערט זיך אײַן, ברודער! אויב ברודער מאַרקס האָט עפּעס וואָס צו זאָגן אין דער פֿראַגע דאַרף ער דאָס ניט לאָזן וויסן דורך אײַך, ער איז ניט קראַנק אַליין צו קומען צו אַ מיטינג..."

## וואָס הייסט אַ שטעל-פאַרטרעטער

אין איינער פון אונדזערע ייִדישע סאָסײַעטים, האָט מען אײַנגעלאַדן אַ באַרימטן ייִדישן שריפטשטעלער צו האַלטן אַ לעקציע. ווען דער עולם איז שוין געווען פאַרזאַמלט, איז צו־געקומען אַ פרעמדער ייִד צום פאַרזיצער זיך פאַרגעשטעלט פאַר אים און אים געזאָגט אַז דער לעקטאָר איז קראַנק געוואָרן, און דעריבער האָט ער אים געשיקט ער זאָל אים פאַרבײַטן, ער זאָל זײַן זײַן „סאָבסטיטוט", בלע"ז.

ווען דער פאַרזיצער האָט געעפנט די פאַרזאַמלונג, האָט ער געהאַלטן אַ לענגערע רעדע, אין וועלכער ער האָט אויפגע־קלערט די טעמע פון דער לעקציע און דערבײַ געמאָלדן אַז דער לעקטשורער, וועמען די סאָסײַעטי האָט אײַנגעלאַדן, איז קראַנק געוואָרן און ער האָט געשיקט אַן אַנדערן אים צו פאַרבײַטן, דערבײַ דערלאַנגט ער זיך אַזוי אַ זאָג:

— „ברידער! ווי איר ווייסט, קאַרגט ניט אונדזער אָרגאַ־ניזאַציע קיין געלט און וויל געבן אונדזערע מעמבערס דאָס בעסטע. אויך פאַר הײַנט אָוונט האָט אונדזער סאָסײַעטי ניט געזשאַלעוועט קיין געלט און אַראַנזשירט דעם בעסטן רעדנער וואָס מיר ייִדן פאַרמאָגן נאָר. צום באַדויערן, איז דער באַרימטער רעדנער קראַנק געוואָרן. ער האָט אָבער ניט געוואָלט „דיסאַ־פוינטן" אונדזער סאָסײַעטי און געשיקט זײַנעם אַ חבר. איצט האָב איך דעם פאַרגעניגן פאַר אײַך פאַרצושטעלן דעם „פ ר אָ־ ס ט י ט ו ט" וואָס וועט פאַרנעמען זײַן פלאַץ.

## ער איז דער בעסטער רעדנער...

אין אַן אַנדער אָרגאַניזאַציע איז אויפֿגעטראָטן אַ לעקטאָר, וועמען דער פֿאָרזיצער האָט געוואָלט פֿאָרשטעלן מיט די העכ־סטע לויב־געזאַנגען אַז ס'זאָל מאַכן אַ טיפֿן איינדרוק אויף די מיטגלידער.

אַ גאַנצע וואָך האָט דער פֿאָרזיצער צוגעגרייט אַ פּאַסנדע רעדע, ווען ער וועט פֿאָרשטעלן דעם לעקטאָר.

די ברידער זײַנען פֿאַרזאַמלט, דער פֿאָרזיצער גייט אַרויף אויף דער טריבונע. ער ווערט נערוועז און פֿאַרגעסט די גאַנ־צע רעדע וואָס ער האָט זיך אײַנגעחזרט. באַשליסט ער זאָגן נאָר עטלעכע געציילטע ווערטער און מיט אַן ערנסטער מינע רופֿט ער אויס: — „מײַנע ברידער! איצט האָב איך דעם פֿאַר־געניגן פֿאַר אײַך פֿאָרצושטעלן דעם בעסטן רעדנער אונטער די אומשטענדן...״

## אַרבעטסלאָזע ריידן צווישן זיך

### ער איז דאָך געדרוקט

די לעיבאָר-ביוראָ איז געפּאַקט מיט אַרבעטער וואָס זײַנען געקומען אין דער יוניאָן זוכן באַשעפטיקונג. מען וואַרט אפשר וועט דאָס מזל באַגליקן. מען זיצט אין גרופּקעלעך און מען שמועסט וועגן וועלטזאַכן און פּערזענלעכע דאגות.

זיצן צוויי עלטערע אַרבעטער און פירן אַ שמועס. אַרום זיי אַ גאַנצער געזעמל אַרבעטער. אַלע הערן זיך צו וואָס די צוויי ריידן. איינער איז אַ ייִד אַ בן-תורה וואָס איז אין דער יוגנט קענטיק געווען אַ ישיבה-בחור, דער צווייטער, אַ פּראָסטער ייִד. ער שווײַגט אייגנטלעך און הערט זיך ערנסט צו צו זײַן חבר. פון צײַט צו צײַט שאָקלט ער צו מיטן קאָפּ אַזוי ווי ער וואָלט אין אַלץ מסכים געווען.

דער בן-תורה רעדט מיט התפעלות וועגן אונדזערע חכמים און די גרויסע ניסים וואָס זיי האָבן באַוויזן. די ייִדן וואָס זײַנען געשטאַנען אַרום האָבן געשלונגען זײַן יעדער וואָרט. קענטיק זיי האָבן ניט געהאַט דעם מוט צו צווייפלען אין זײַנע רייד.

— „איין זאַך איז מיר קשה", — זאָגט דער בן-תורה, און פאַרגלאָצט דערבײַ מיט די אויגן, — „ניט נאָר איך, נאָר גרע־סערע חכמים פון מיר פאַרשטייען עס ניט: ווען דער גרויסער גאון און צדיק רש"י איז געשטאָרבן, איז ער סך-הכּל אַלט געווען 52 יאָר, איז ווי־זשע קען איין מענטש אין אַזאַ קורצן לעבן אָנ־שרײַבן אַזוי פיל פירושים ווי רש"י האָט געשריבן?"

דאָ האָט זײַן חבר, וועלכער האָט די גאַנצע צײַט געשוויגן, געוואָלט ווײַזן אַז ער איז אויך ניט קיין עם-הארץ, רופט ער זיך אָן: — „אַנטשולדיקן זי, רש"י איז דען געשריבן? איר מאַכט אַ טעות, רש"י איז דאָך געדרוקט!..."

## צוויי אַרבעטער ריידן זיך אַראָפּ פון האַרצן

אין אַ צווייטן ווינקל, באַמערק איך ווי צוויי אַרבעטער וואָס האָבן שוין אַ לאַנגע צײַט זיך ניט געזען, גיבן זיך אָפּ אַ וואַרעמען שלום עליכם און פאַרפירן אַ שמועס, וואָס איך גיב דאָ איבער וואָרט אין וואָרט:

ערשטער ייִד, — „וואָס מאַכסטו? שוין אַזאַ לאַנגע צײַט זיך ניט געזען?"

צווייטער ייִד, — „וואָס זאָל מען מאַכן?"

— „אַרבעטסט עפּעס צו ביסלעך?"

— „ווער אַרבעט?"

— „וואָס מאַכסטו מיטן געזונט?"

— „וואָס זאָל מען מאַכן?"

— „וואָס מאַכט דײַן יידענע?"

— „וואָס זאָל זי מאַכן?"

— „און וואָס מאַכן די קינדער?"

— „און וואָס זאָלן זיי מאַכן?"

— „דענקסט צו קריגן אַ דזשאָב?"

— „ווער דענקט?"

— „און וואָס מאַכט דײַן באַלעבאָס?"

— „מאַכן זאָל ער מיט די זײַטן."

און ווען דער ייִד איז פּאַרטיק געוואָרן מיט זײַנע פראַגעס, האָט אָנגעהויבן דער צווייטער:

— „נו, און וואָס מאַכסטו?"

— „מע..."

— „ווי פילסטו מיטן געזונט?"

— „בע..."

— „און וואָס הערט זיך מכּוח פּרנסה?"

— „וואָס זאָל מען הערן?"

— „וואָס מאַכט די פֿרוי און די קינדער?"

— „מניע..."

דער דאָזיקער געשפּרעך האָט אָנגעהאַלטן אַ האַלבע שעה, ווען די אַמאָליקע חבֿרים האָבן זיך געזעגנט, האָבן זיי זיך גע־דריקט די הענט, און איינער פֿון זיי רופֿט זיך אָפּ — „ס'איז גוט וואָס מ'טרעפֿט אַן אַמאָליקן גוטן פֿרײַנד, און מ'קען זיך אַמאָל אַראָפּריידן פֿון הארצן..."

## וואָס מען קען זיך ווינטשן

עס איז שוין געווען באַלד מיטאָגצײַט, די מערסטע אַר־בעטער האָבן שוין געהאַט פֿאַרלאָזן די לעיבאָר־ביוראָ און אויפֿגעגעבן די האָפֿענונג צו קריגן אַ דזשאָב, רופֿט זיך אָן אַן אַרבעטער וועמען ס׳האָט מסתמא שטאַרק געהונגערט און וועלכער האָט ווײַזט אויס ניט געהאַט קיין פּעני ביי דער נשמה, צו אַ צווייטן:

— „מאָטל, באָרג מיר אַ קוואָדער".

מאָטל האָט זײַן חבֿר באַטראַכט פֿון קאָפּ ביז די פֿיס און אַרויסגעזאָגט:

— „מיר זאָלן דאָס פֿאַרדינען ביידע די וואָך וואָס דו וועסט נעמען ווינציקער..."

## פֿון וואָס מען מאַכט אַ לעבן

אין דעם טרעיד האָט געהערשט אַ ביטערע סלעק. די יוניאָן, וועלכע האָט מיט אַלע כּוחות אָפּגעהיט דעם אַגרימענט מיט די באַלעבאַטים, איז אָבער געווען הילפֿלאָז צו קענען קריגן באַשעפֿטיקונג פֿאַר די אַרבעטער. איינער פֿון די פּונקטן אין דעם אַגרימענט מיט די באַלעבאַטים, האָט געזאָגט, אַז די אַרבעטער מוזן קריגן באַצאָלט פֿאַר די געזעצלעכע יום־טובֿים. דעם דאָזיקן פּונקט אין דעם אַגרימענט האָט די יוניאָן שטאַרק אָפּגעהיט.

שטייען צוויי אַרבעטסלאָזע און רעדן צווישן זיך. יעדערער דערציילט זײַנע צרות, ווי עס איז ניטאָ מיט וואָס אויסצוקומען.

— „אָבער דאָך", — פֿרעגט איינער מיט נײַגער בײַ דעם צווייטן, — „ווי אַזוי קומסטו דאָך אוים?"

— „ווי אַזוי, פֿרעגסטו? איך מאַך אַ לעבן פֿון יום־טובֿים..."

## „רענק און פֿאַיל“ לויפֿט פֿאַר אַ יוניאָן-אַמט

אין אַ געוויסער יוניאָן איז פֿאָרגעקומען אַ שטורמישער קאַמף צווישן די רעכטע און לינקע מיטגלידער, ווען אין דער דאָזיקער יוניאָן זײַנען פֿאָרגעקומען וואַלן פֿאַר באַאַמטע. לעבן דעם זאַל וואו מען האָט אָפּגעגעבן די שטימען, איז די גאַס געווען פֿאַרפֿלייצט מיט ליטעראַטור פֿון בײדע צדדים. די „רעכטע“ האָבן געשריִען: „שטימט בלויז פֿאַר די לאָיאַלע קאַנדידאַטן“, און די „לינקע“ האָבן געליאַרעמט — „שטימט בלויז פֿאַר די רענק און פֿאַיל“.

גייט אַרויס אַן אַרבעטער פֿון זאַל, נאָך דעם ווי ער האָט שוין געהאַט אָפּגעגעבן זײַן שטים. פֿרעגט בײַ אים איינער פֿון די לינקע פּאַטריאָטן — „ווי אַזוי האָסטו געשטימט?“ — „איך וואָלט זיכער געווען געשטימט פֿאַר אײַער קאַנדידאַט, דעם רענק ענד פֿאַיל, אַזוי ווי איר האָט געהייסן שטימען“ — ענטפֿערט אים דער אַרבעטער, — „איך האָב אָבער ניט געקענט געפֿינען זײַן נאָמען אויפֿן באַלאָט...“

## מאיר לאָנדאָנס מעשהלעך

אין דער גאַנצער ייִדישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, איז שווער צו געפֿינען נאָך אַזאַ פּערזענלעכקייט ווי מאיר לאָנדאָן איז געווען. די וואָס האָבן געהאַט די זכיה מיט אים צו פֿאַרברענגען עטלעכע אינטימע מינוטן, וועלן זיי קיין מאָל נישט פֿאַרגעסן.

צו פֿאַרברענגען אין אַן אינטימען קרײַז מיט מאיר לאָנדאָן, איז מיר אויסגעקומען עטלעכע מאָל. ער איז געווען אַ האַרציקער און נשמהדיקער מענטש. געוויינלעך פֿלעגט ער אין געזעלשאַפֿט זיצן ערנסט פֿאַרטראַכט און רייכערן נערוועז אַ סיגאַר. פֿלעגט ער נעמען רעדן, האָט אין זײַנע מילדע אויגן זיך באַלד אָנגעצונדן אַ פֿײַער.

בלויז איין מאָל, גראָד דרײַ מאָנאַטן פֿאַר דעם אומגליקפֿאַל מיט מאיר לאָנדאָנען, איז מיר אויסגעקומען אים צו זען אין אַ פֿריילעכער שטימונג. נאָך זײַנער אַ לעקציע שפּעט אין אָוונט, זיינען מיר — אַ גרופּע נאָענטע פֿרײַנד — אַוועק מיט אים אין אַ ייִדישן רעסטאָראַן אויף עלדרידזש סטריט, וואו ייִדישע און ענגלישע וואָדעוויל-אַקטיאָרן האָבן אונטערהאַלטן די געסט. יענעם אָוונט איז מאיר לאָנדאָן געווען אין אַ גוטמוטיקער שטימונג און ער האָט דערציילט עטלעכע אינטערעסאַנטע עפּיזאָדן פֿון זײַן לעבן. אַ פּאָר פֿון זיי וויל איך דאָ איבערגעבן.

# אַ פֿאַרגלייך צווישן צוויי קאַנדידאַטן

— „אין דעם יאָר 1916" — האָט לאָנדאָן דערציילט — „ווען איך בין אַרויסגעשטעלט געוואָרן פֿון דער סאָציאַליסטי-שער פּאַרטיי, אין צוועלפֿטן דיסטריקט, אַלס קאַנדידאַט פֿאַר אַ קאָנגרעסמאַן, איז מײַן קעגנער געווען דער קאַנדידאַט פֿון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי — לעאָן סענדערס. איך בין דאָן געווען דער לאָיער פֿון דער קלאָוק-מאַכער יוניאָן. ווי עס האָט זיך דעמאָלט געפֿירט אין דער יוניאָן, האָב איך, געדאַרפֿט זיך באַטייליקן אין אַלע זיצונגען פֿון דער דזשאָינט באָרד. צו איין זיצונג איז דערשינען אַ קאָמיטע פֿון דער סאָציאַליסטי-שער פּאַרטיי מיט אַ פֿאָרלאַנג, אַז די קלאָוק-מאַכער יוניאָן זאָל געבן אַ באַשטײַערונג פֿאַר מײַן וואַל-קאַמפּאַניע.

— „ווען די קאָמיטע איז דערשינען און דערקלערט דעם צוועק פֿון איר באַזוך", — דערציילט ווײַטער לאָנדאָן, — „האָב איך געפֿילט ווי די פּלאַטפֿאָרמע, אויף וועלכער איך זיץ, זינקט אונטער מיר. איך האָב זיך געפֿונען אין אַ מאָדנער פֿאַר-לעגנהייט, און איידער די קאָמיטע האָט נאָך באַוויזן צו פֿאַרענדיקן רעדן, האָב איך זיך אויפֿגעשטעלט און זיי גוט אָנגעזידלט, וואָס זיי האָבן מיר פֿריִער נישט געלאָזט וויסן, אַז זיי וועלן קומען מיט זייער פֿאָרלאַנג. דעמאָלט וואָלט איך ניט געווען געקומען צום מיטינג, און וואָלט זיך נישט געפֿונען אין אַזאַ מאָדנער פֿאַרלעגנהײַט, האָב איך געזאָגט".

— „די זאַך איז שוין געווען אַ פֿאַרפֿאַלענע, דער פֿאָר-זיצער האָט אויפֿגענומען דעם פֿאָרלאַנג פֿון דער קאָמיטע. אַ דעלעגאַט נעמט דאָס וואָרט און מאַכט אַ פֿאָרשלאָג אַז די דזשאָינט-באָרד זאָל בײַשטײַערן דרײַ טויזנט דאָלער. אַ צווייטער — פֿינף טויזנט דאָלער, און אַ דריטער — זיבן טויזנט דאָלער. אַלע פֿאָרשלאָג-מאַכערס, קוקן אויף מיר וואָס פֿאַר אַן

אײַנדרוק דאָס מאַכט אויף מיר, און איך אַליין זיץ אין גע־האַקטע וואונדן".

— „עס פֿאַרציט זיך אַ לאַנגע דעבאַטע, יעדער רעדנער וואָס פֿאַרטיידיקט זײַן פֿאָרשלאַג וויל איבערשטײַגן דעם אַנ־דערן אין זײַן לאָיאַליטעט צו מיר. איך בין געזעסן אויף דער פּלאַטפֿאָרמע מיט דעם פֿאָרזיצער, און די צוויי סעקרעטאַרן. די רעדנערס זײַנען געשטאַנען מיטן פּנים צום עולם, יעדער מאָל ווען אַ רעדנער האָט גערעכנט אַז ער מאַכט אַ גוטן אײַנ־דרוק, האָט ער זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו אונדז און גע־וואָלט איבערלייענען אויף אונדזערע פּנימער וואָס פֿאַר אַן אײַנדרוק עס מאַכן זייערע רייד".

— „איך וועל קיין מאָל נישט פֿאַרגעסן" — זאָגט צו אונדז מאיר לאָנדאָן, — „דעם לעצטן רעדנער". „ער איז געווען אַ דעלעגאַט פֿון דעם פּרעסערס לאָקאַל 35, אַן ערלעכער פּשוטער אַרבעטער, ער האָט גערעדט מיט הארץ און געשטיצט דעם פֿאָרשלאַג צו געבן זיבן טויזנט דאָלער. אָט זיינען זײַנע אייגענע ווערטער":

— „מיר טאָרן נישט פֿאַרגעסן", — זאָגט ער — „אַז מאיר לאָנדאָן איז אונדזער טאַטע, אונדזער רבי און אונדזער פֿירער. צוליב דעם אַליין דאַרף מען אים געבן אַלץ וואָס מיר פֿאַרמאָגן. אחוץ דעם," — זעצט פֿאָר דער רעדנער, — „זײַנען מיר דאָך אַלע סאָציאַליסטן, וואָס באַלאַנגען צו דער זעלבער פּאַרטיי ווי ברודער לאָנדאָן. און מיר מוזן אויך פֿאַרגלײַכן ווער זײַן קעגנער איז, עפּעס אַן אָפּגעפּרעסענער ייִד..." — אין דעם מאָמענט דרייט זיך דער רעדנער אוים און ווײַזט אַן אויף מיר — „קוקט! אונדזער קאַנדידאַט זעט דאָך אוים ווי אַן אויסגע־מאָגערטער הונט, ווען יענער איז אַ פֿעטער חזיר"...

## אַן אײנפֿאַל פֿון אַ גענאָסע

אין יענע יאָרן פֿון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, זײַנען ס׳רובֿ סאָציאַליסטישע פֿאַרזאַמלונגען אָפּגעהאַלטן געוואָרן אויף די גאַסן. מאיר לאָנדאָן איז געווען פֿאַררעכנט אַלס אײנער פֿון די בעסטע סאָציאַליסטישע רעדנערס. לאָנדאָנס אַ גאַסן־פֿאַר־זאַמלונג האָט אַלע מאָל צוגעצויגן אַ גרויסן עולם. עס איז נאָר געווען שווער פֿאַר דעם פֿאָרזיצער פֿון אַזאַ פֿאַרזאַמלונג צונויפֿצוקריגן די ערשטע צענדלינג מענטשן כּדי די פֿאַרזאַמלונג אָנצוהייבן.

דערציילט אונדז מאיר לאָנדאָן פֿון אַ דערפֿאַרונג וואָס ער האָט איין מאָל געהאַט מיט אַזאַ גאַסן־פֿאַרזאַמלונג, וואו אים איז אויסגעקומען צו רעדן אָן אַ פֿריִערדיקער מעלדונג, אַז ער וועט אויפֿטרעטן. דער פֿאָרזיצער שרײַט אויף אַלע כּלים און קײנער קומט נישט צו נעענטער צו דער פּלאַטפֿאָרמע. ווי נאָר עס באַווײַזט זיך אַ ייִד, שטייט ער אַ פּאָר מינוט און גייט באַלד אַוועק. האָט לאָנדאָן אַ וואונק געטאָן דעם פֿאָרזיצער ער זאָל אויפֿגעבן דעם מיטינג. נאָר דאָ האָט זיך אײנער פֿון די אָנוועזנדע סאָציאַליסטן פֿאָרגעשלאָגן איבערצונעמען דעם מיטינג און ער האָט דערבײַ קאָווירט, אַז ער וועט שוין קריגן אַן עולם אָנצוהייבן די פֿאַרזאַמלונג. מאיר לאָנדאָן האָט זיך אָפּגערוקט אָן אַ זײַט און געוואַרט וואָס עס וועט אַרויסקומען, ווי אַזוי דער גענאָסע וועט באַווײַזן די קונץ צוציִען די פֿאַר־בײַגייערס.

דער גענאָסע האָט אַרויסגענומען אַ פּעקל געצײַג : אַ זעגל, אַ האַמער, אַן עגבער און פֿאַרשיידענע אַנדערע מכשירים און זיך אַוועקגעשטעלט מײַסטרעווען אַרום דער פּלאַטפֿאָרמע, אַזוי ווי ער וואָלט עפּעס געוואָלט אויפֿבויען. אָבער ער האָט גע־אַרבעט מיט זײַנע געצײַג אויף אַ טשיקאַווען אופֿן, להיפּוך דעם

פשוטן שכל. מענטשן האָבן זיך אָפּגעשטעלט און גענומען קוקן וואָס דער גרויסער בעל־מלאכה טוט און ווי אַזוי ער אַרבעט עס אַזוי מאָדנע. יעדערער האָט גענומען געבן עצות, איינעם איז ניט געפֿעלן ווי אַזוי ער אַרבעט מיטן האַמער, אַ צווייטער האָט געשריִען אַז ניט אַזוי האַלט מען אַ זעג. דער גענאַסע האָט זיך גענומען אַמפּערן מיט יעדן איינעם. אַזוי האָט זיך צונויפֿגעקליבן אַ גאַנצער געזעמל ייִדן און יעדער האָט געוויזן ווי אַזוי צורעכטצומאַכן אַ פּלאַטפֿאָרמע וואָס איז אין דער אמתן געווען גאַנץ.

ווען דער גענאַסע האָט געזען אַז דער עולם איז שוין גענוג גרויס האָט ער פּלוצעם אויסגערופֿן, אַזוי ווי ער וואָלט אַליין געווען איבערראַשט: ייִדן! זעט נאָר ווער עס איז דאָ! דאָס איז דאָך מאיר לאָנדאָן! ווען די ייִדן האָבן דערהערט דעם נאָמען מאיר לאָנדאָן, האָט אויסגעבראָכן אַ גרויסער אַפּלאָז, און מען האָט זיך גענומען צו לאָנדאָנען, ער זאָל עפּעס זאָגן. אַזוי האָט מיט מזל זיך אָנגעהויבן דער מיטינג פֿון דער סאָ־ציאַליסטישער פּאַרטיי.

# אַקציעס פאַר בירא-בידזשאַן

מיר זײַנען געזעסן בײַ אַ מיטינג פון אַ געווייסער יוניאָן. איז דערשינען אַ קאָמיטע מיט אַ קרעדענשל פון אַ קאָמיטעט וואָס האָט זיך גערופן: — „דער פאַראייניקטער ארבעטער־קאָמיטעט פאַר בירא־בידזשאַן".

די קאָמיטע האָט געמאַכט אַ שטאַרקן אַפּיל אַז די יוניאָן זאָל קויפן אַקציעס צו קענען אויפבויען אַ יידישע היים מיט אַן אייגענער מלוכה אונטער דעם פּראָטעקטאָראַט פון דער סאָוועטישער רעגירונג.

בײַ דעם מיטינג זײַנען געווען מיטגלידער וואָס זײַנען גלײַך געוואָרן באַגײַסטערט פאַרן פּלאַן, און זיי זײַנען שוין גע־ווען גרייט צו מאַכן אַ פאָרשלאַג אַז די יוניאָן זאָל קויפן אַק־ציעס.

די פירערס פון דער יוניאָן אָבער האָבן געוואָלט, אַז די קאָמיטע זאָל זיי מער אויפקלערן וועגן דער דאָזיקער אָנגע־לעגנהײַט. האָט איינער, וואָס האָט געהאַט אַ חוש פאַר פי־נאַנצן געשטעלט דער קאָמיטע עטלעכע פראַגעס וועגן דעם גרונט־קאַפּיטאַל וואָס מ'האָט אַרײַנגעלייגט אין בירא־בידזשאַן, וואָס זאָל גאַראַנטירן די אַקציעס, און אויב קיין גרונט־קאַפּי־טאַל האָט מען ניט כּדי צו פאַרזיכערן די אַקציעס, זײַנען כאָטש לכל הפּחות פאַראַן מענטשן, אויף וועמען מ'קען זיך פאַרלאָזן אַז זיי וועלן גוטמאַכן די פאַרלוסטן פון די אַקציעס אויב אַזעל־כע וועלן זײַן.

די קאָמיטע האָט זיך פאַרלאָרן און נישט געוואוסט וואָס צו ענטפערן, אָבער גאָרנישט ענטפערן וואָלט דאָך זייער מיסיע באַלד מיאוס דורכגעפאַלן. האָט איינער פון זיי זיך דעריבער אויסגערופן, אַז ער איז גרייט צו ענטפערן אויף דער האַרבער פראַגע. דער עולם איז געווען נײַגעריק צו הערן וואָס ער וועט זאָגן.

— „איך קען אייך דערקלערן" — הייבט אָן דער רעדנער — „אַז ביי אונדז זיינען נישטאָ קיין ראָקעפעלערס, אָדער מאָר־גאַנס און קיין גרונט־קאַפּיטאַל צו אינוועסטירן, איידער מיר האָבן אַרויסגעלאָזן די אַקציעס, האָבן מיר אויך נישט געהאַט. מיר האָבן אָבער מענטשן וואָס שטייען אין דער שפּיץ פון אונדזער אָרגאַניזאַציע, וואָס זייער נאָמען איז אַ גענוגנדיקע גאַראַנטיע צו דעקן די פאַרלוסטן, אויב עס וועלן בכלל זיין פאַרלוסטן."

דער עולם איז געוואָרן „אַנגעצויגן" צו הערן די נעמען פון די, וואָס שטייען אין דער שפּיץ פון דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע און וואָס קענען דעקן די פאַרלוסטן פון די אַקציעס. „איר ווילט וויסן" — רופט אויס דער רעדנער מיט פּאַטאָס — „ווער עס שטייט הינטער אונדזער געזעלשאַפט, וועל איך אייך זאָגן. דאָס זיינען אַברהם רייזען, נחום יוד, א. לוצקי, חנן מיניקעס, ד"ר חיים זשיטלאָווסקי און אַנדערע. זיינען דען אָט די נעמען נישט קיין זיכערע גאַראַנטיע פאַר די אַקציעס?"

דער עולם האָט אויסגעשאָסן אין אַ געלעכטער...

קיין אַקציעס פאַר בירא־בידזשאַן האָט מען שוין ניט גע־קויפט.

# טשיקאַווע פּאַסירונגען אין יוניאָנס

מיר זײַנען געזעסן אַ גרופּע יוניאָן־טוערס אויף אַ באַן, וואָס
האָט אונדז געפּירט קיין וואַשינגטאָן צו אַ באַראַטונג פֿון פֿאַר־
טרעטערס פֿון פֿאַרשיידענע יוניאָנס אין אַמעריקע, אין צוזאַ־
מענהאַנג מיט אַ געזעץ וואָס אַ גרופּע רעאַקציאָנערע קאָנ־
גרעסלײַט האָבן געפּלאַנט דורכצופֿירן. די שטימונג אויף דער
באַן איז געווען אַן אָנגעשטרענגטע און אַ נערוועזע. צווישן די
דעלעגאַטן האָבן זיך געפֿונען „רעכטע" און „לינקע" וואָס האָבן
זיך צום ערשטן מאָל באַגעגנט אונטער איין דאַך, זינט דער
קאַמף צווישן די ביידע ריכטונגען האָט אויסגעבראָכן אין דער
אַרבעטער־באַוועגונג.

אין „קלאָב־קאַר" האָבן די ביידע גרופּעס זיך נעענטער באַ־
געגנט. מען האָט דיסקוטירט צווישן זיך די געפּלאַנטע רעאַק־
ציאָנערע געזעצן און די מעטאָדן ווי אַזוי די דאָזיקע געזעצן צו
באַקעמפֿן.

בײַסלעכווײַז איז די שטימונג געוואָרן אַ פֿרײַנדלעכע און
מען האָט זיך גענומען דערציילן אַנעקדאָטן און טשיקאַווע פּאַ־
סירונגען פֿון יוניאָן־לעבן. איך האָב די עטלעכע טשיקאַווע
מעשהלעך פֿאַרצייכנט און גיב זיי דאָ איבער.

## קומט זיי בענעפיט?

— געווען ביי אונדז אין דער יוניאָן — דערציילט אייגער — אַ שאַפּ מיט וועלכן מיר האָבן שטאָלצירט. די אַרבעטער פֿון דעם שאַפּ זיינען נאָכגעקומען אַלע יוניאָן-געזעצן, געצאָלט זייער שטייער צו דער צייט און סתּם זיך אויפֿגעפֿירט ווי גוטע יוניאָן-לייט.

איין מאָל האָט מען געלאָזט וויסן אונדזער יוניאָן אַז דער שאַפּ זאָגט זיך אָפּ צו צאָלן דעם שטייער. האָבן מיר באַשלאָסן צו רופֿן אַ שאַפּ-מיטינג, מ׳האָט צו די אַרבעטער אַפּעלירט אַז מיט זייער האַנדלונג שטעלן זיי אין קאָן די גאַנצע יוניאָן, ס׳האָט אָבער געהאָלפֿן ווי אַ טויטן באַנקעס, די אַרבעטער זיינען געווען איינגעשפּאַרט, און מ׳האָט גאָרנישט ניט געקענט טאָן קעגן זיי.

נאָך אַ שטורעמדיקן מיטינג פֿון דער עקזעקוטיווע, וואו מען האָט דיסקוטירט ווי אַזוי צו דיסציפּלינירן די אַרבעטער פֿון דעם שאַפּ, האָט די יוניאָן באַשלאָסן זיי אַרויסצורופֿן אין אַ סטרייק... די אַרבעטער האָבן דעם דאָזיקן רוף פּינקטלעך אויסגעפֿאָלגט. זיי זיינען אַרונטער אין סטרייק און זיך פֿאַרזאַמלט אין אַ האָל וואָס די יוניאָן האָט פֿאַר זיי אָנגעגרייט און געצאָלט... יעדן טאָג האָבן די אַרבעטער אָפּגעהאַלטן מיטינגען. אויף די מיטינגען האָט אַ יוניאָן-באַאַמטער נישט געטאָרט זיך באַווייזן, אַלץ איז פֿאָרגעקומען בסוד סודות און קיינער פֿון די יוניאָן-פֿירערס האָט נישט געוואוסט וואָס די „סטרייקערס" דיסקוטירן.

צוויי וואָכן זיינען אַזוי אַוועק ווי די אַרבעטער זיינען געווען אין סטרייק. פּלוצעם, אין אַן אָוונט, ווען די עקזעקוטיווע האָט געהאַט אירע זיצונגען, באַווייזן זיך אַלע „סטרייקערס" אין יוניאָן-לאָקאַל מיט אַ פֿאַרלאַנג מ׳זאָל זיי צולאָזן צו דער עקזע-

קוטיווע. דער פירער פון דער יוניאָן איז געווען אויסער זיך פון פרייד וואָס זיי, די סטרייקערס, זיינען ענדלעך געקומען צו דער יוניאָן זיך אַנטשולדיקן. אַנדערש האָט ער גאָרנישט גע־טראַכט, צוליב וואָס דען זיינען זיי אַלע געקומען? ס'איז גע־וואָרן פריילעך ביי דער עקזעקוטיווע, וואָס ענדלעך וועט אַראָפּ אַזאַ שווערער עול פון קאָפּ.

עס עפנט זיך די טיר און אַלע אַרבעטער מאַרשירן אַריין אין צימער פון דער עקזעקוטיווע. אַלע עקזעקוטיוו־מיטגלי־דער שטרענגען אָן זייערע אויערן צו הערן וואָס וועט זיין די פאַרענטפערונג פון די אַרבעטער פאַר זייער האַנדלונג.

ווען דער פאָרזיצער האָט געפרעגט ווער עס וועט רעדן אין נאָמען פון שאַפּ, האָט זיך פון דער גרופּע סטרייקערס אַרויסגערוקט אַ ייִד. ער איז צו גלייך אויבנאָן וואו עס זיינען געזעסן דער פאָרזיצער און די הויפּט־פירערס פון דער יוניאָן.

אין דעם קליינעם צימער הערשט אַ דראַמאַטישע שטימונג און דער דאָזיקער ייִד הייבט אָן צו רעדן בזה הלשון:

— „מיינע ברידער! אַזוי ווי ס'איז שוין צוויי וואָכן, ווי מיר זיינען אַרויס אין אַ סטרייק, זיינען מיר געקומען נאָך סטרייק־בענעפיט — לויט די געזעצן פון דער יוניאָן...״

## וואו איז די קאָמיטע ?

דערציילט נאָך איינער:

מיר זיצן אין אָפּיס פון דער יוניאָן שבת אין דער פרי. קלינגט דער טעלעפאָן און מען לאָזט אונדז וויסן אז די ארבע־טער פון א געוויסן שאָפּ זיינען שבת געקומען צו דער ארבעט. עס איז דאָן אין דער יוניאָן געווען שטרענג פארבאָטן צו אר־בעטן שבת, ווייל די אינדוסטריע האָט איבערגעלעבט א בי־טערע סלעק־צייט.

דער אָפּיס פון דער יוניאָן איז געווען געפּאַקט און ס'איז נישט שווער געווען צו קריגן א גרויסע קאָמיטע וואָס זאָל גיין ארונטערנעמען די ארבעטער פון שאָפּ. ווען דער מענעדזשער פון דער יוניאָן האָט גערופן פאר פריייוויליקע, האָבן עטלעכע צענדלינג ארבעטער זיך באלד אָפּגערופן צו גיין אין שאָפּ און אָנלערנען די ארבעטער וואָס ארבעטן שבת, ווען אזוי פיל ברי־דער זייערע גייען ארום ליידיק.

דער מענעדזשער האָט אויסגעקליבן די שטאַרקסטע צווישן זיי און זיי אָנגעזאָגט נישט צו פארפירן מיט די „סקעבאַטשעס" קיין געשלעג, די יוניאָן וועט זיי שוין געהעריק באשטראָפן...

די פירערס פון דער יוניאָן זיצן אין אָפּיס, וואַרטן א שעה, צוויי שעה, און מ'הערט נישט גאַרנישט פון דער קאָמיטע. די שטימונג ווערט אַלץ נערוועזער. אפשר, חלילה, ארעסטירט די גאַנצע קאָמיטע?

ענדלעך הייבט זיך אויף דער מענעדזשער, נעמט מיט מיט זיך עטלעכע באַאמטע און אויך עטלעכע פּשוטע ברידער־אר־בעטער און לאָזט זיך גיין אין שאָפּ.

ווען זיי זיינען ארײַן אין שאָפּ איז זיי פינצטער געוואָרן אין די אויגן... די גאַנצע יוניאָן־קאָמיטע איז צוזאַמען מיט אַלע ארבעטער פון שאָפּ, צוזאַמען מיט אַלע פאַררעטער קעגן דער יוניאָן, געזעסן און... געאַרבעט.

# ער האָט זיך איבערצייגט

דערציילט אַ דריטער:

— ביי אונדז אין דער יוניאָן איז פאָרגעקומען אַ גענעראַל־סטרייק. דער סטרייק איז געווען אַ ביטערער. די אַרבעטער האָבן געהונגערט און געקעמפט און אָנגעהאַלטן אַן אמת פיינע דיסציפּלין. צווישן אַלע יוניאָן־באַאַמטע האָט זיך פאַרוואַלגערט איינער וואָס איז דערווײַלט געוואָרן אויפן לינקן צעטל. ער איז געווען באַקאַנט אין דער יוניאָן אַלס אַ גרויסער שלימזל און האָט זיך אויסגעצייכנט נאָר מיט דעם, וואָס ער האָט תמיד געהאַלטן אין איין קריטיקירן די פירערס פון דער יוניאָן.

אונדזער סטרייק־קאָמיטעט האָט זיך פאַרזאַמלט יעדן אָוונט אויסצוהערן באַריכטן וועגן דעם טאָג־טעגלעכן גאַנג פון סטרייק און כדי אויסצואַרבעטאַן די ווייטערדיקע סטראַטעגיע פון סטרייק.

דער דערמאָנטער „לינקער" האָט קיין שום ספּעציעלע פליכטן בעתן סטרייק נישט געהאַט. ער האָט נאָר געדאַרפט אַכטונג געבן אויף זיין דיסטריקט. האָט ער אויף זיך גענומען די ספּעציעלע פליכט צו רייסן פּאַסן פון די אַנדערע פירערס, שרייען אַז זיי טויגן נישט, זיינען אָפּגעשטאַנען. ער פלעגט אַלץ טענהן, אַז ווען מ'לאָזט אים נאָר צו...

אויף איינער אַזאַ זיצונג, וואו מען האָט אָפּגעגעבן באַריכטן פונעם סטרייק, איז דער דאָזיקער „לינקער" שטאַרק אָנגעפאַלן אויף דער פּיקעט־קאָמיטע, זיי אָנגערופן מיט כלערליי מיאוסע נעמען, געשריען אַז זיי זיינען פּחדנים און לאָזן אין אַ סך שעפּער אַרבעטן סקעבס. ווען מ'האָט ביי אים געפרעגט פאַר וואָס ער אַליין גייט נישט פּיקעטן, איז ער מיט נאָך מער חוצפּה אָנגעפאַלן אויף דער פּיקעט־קאָמיטע.

די גאַנצע פּיקעט־קאָמיטע און אַלע פירערס, האָבן באַדאַרפט

יעדן טאָג זײַנען 5 אַזױגער פֿאַר טאָג בײַ די שעפּער, נאַטירלעך איז אויך דער „לינקער" געװען אויף זײַן פּאָסטן.

עס איז נאָך געװען שטאַרק פֿינצטער װען צװײ חבֿרה־לײַט זײַנען, אויף מאָרגן נאָך זײַן חוצפּהדיקן אויפֿטריט, באַפֿאַלן דעם „לינקן" און אים זײער שטאַרק מכבד געװען. מ'האָט אים אין אַ פֿאַרבײַאיקן דראָג־סטאָר געדאַרפֿט פֿאַרבאַנדאַזשירן. אַן „אויסגעפּוצטער" אויף אַזאַ אופֿן איז ער געקומען דעם זעלבן אָװנט צו דער זיצונג פֿון דער סטרײַק־קאָמיטע. װען דער פֿירער פֿון דער פּיקעט־קאָמיטע איז געװען פֿאַרטיק מיט זײַן טעגלעכן באַריכט, האָט דער „לינקער" זיך אויפֿגעשטעלט און געזאָגט:

— „ברידער! איך װיל מיך אַנטשולדיקן פֿאַר דער פּיקעט־קאָמיטע, פֿאַר װאָס איך האָב זי די גאַנצע צײַט פֿון סטרײַק קריטיקירט, איר זעט מײַנע באַנדאַזשן — זײ זײַנען דער בעסטער באַװײַז אַז די פּיקעט־קאָמיטע טוט גוטע אַרבעט...

זײ האָבן עס מיר איבערצײַגט הײַנטיקן באַגינען...

## ער איז באַגייסטערט פאַר אַמעריקע

דערציילט נאָך אַן אַרבעטער-פירער:

— אויף איינעם פון אונדזערע לאָקאַל מיטינגען האָט דער סעקרעטאַר באַריכט, אַז אין אַ שאַפּ איז עפּעס נישט אין אָרדענונג מיט דעם שטייער וואָס די אַרבעטער דאַרפן צאָלן, און בכלל האָט ער, דער סעקרעטאַר, געקראָגן אינפאָרמאַציע אַז אַ סך אַרבעטער אין דעם דאָזיקן שאַפּ האָבן אַפילו נישט קיין יוניאָן-ביכלעך. האָט דער לאָקאַל באָרד אויסגעקליבן אַ קאָמיטע פון צוויי דעלעגאַטן צו אונטערזוכן דעם שאַפּ און באַריכטן צו דעם קומענדיקן מיטינג.

דער סעקרעטאַר פון לאָקאַל איז אין אַלגעמיין געווען אַ געטרייער יוניאָן-מענטש. ער האָט זיך אָבער אָפּגעגעבן מער מיט אַלגעמיינע אַרבעטער-פראַגעס, ווי מיט זיין אייגענער יוניאָן און נישט געהאַלטן קיין פּינקטלעכע אַדרעסן פון די יוניאָן-שעפּער. האָט ער געגעבן דער קאָמיטע אַ גאַר אַלטן ברוקלינער אַדרעס פון דעם שאַפּ, וואָס מען האָט געדאַרפט אונטערזוכן.

ווען די קאָמיטע איז געקומען צוריק צום לאָקאַל אָפּצוגעבן איר באַריכט וועגן דעם שאַפּ, שטעלט זיך אויף איין קאָמיטע-מאַן און דערציילט: „אַז אויף דעם אַדרעס וואָס דער סעקרעטאַר האָט זיי געגעבן, וואו דער שאַפּ זאָל זיך האָבן געפונען, שטייט שוין פון עטלעכע וואָכן אַ מואַווי-הויז, און דעריבער האָבן זיי נישט געקענט מאַכן קיין אונטערזוכונג פונעם שאַפּ, ווייל זיי ווייסן נישט וואו דער שאַפּ געפינט זיך.

שטעלט זיך אויף דער צווייטער קאָמיטע-מאַן און זאָגט:—

„מ׳דאַרף געבן קרעדיט אַמעריקע, ערשט מיט צוויי וואָכן צוריק איז דאָרטן געשטאַנען אַ שאַפּ, און היינט איז שוין דאָרטן פאַראַן אַן אַר. קעי. אָ. מואַווי-הויז...״

## אַ טייערער „ספּאָט״

„מיר פֿאָרן אַרוים אין אַ מאַשין קיין „דזשוירזי״—דערציילט איינער פֿון די יוניאָן פֿירערס — „צו אָרגאַניזירן אַ שאַפּ. אין אונדזער אינדוסטריע האָט דעמאָלט געהערשט אַ ביטערע אַרבעטסלאָזיקייט.״

ווען אונדזער מאַשין איז אַרײַנגעפֿאָרן אין „האָלאַנד טונעל״, רופֿט זיך אָפּ אַן אַרבעטער וואָס איז מיט אונדז מיטגעפֿאָרן:

— „דער טונעל איז אַ בעסערע ביזנעס ווי קלאָוקס״.

— „נישט אַלע ביזנעס זײַנען הײַנט אַ סוקסעס״ — זאָגט אַ צווייטער, — „גראָד איז דער קאָמיטע, וואָס האָט אויסגעקליבן דעם פּלאַץ צו בויען דעם טונעל, געלונגען צו „קעטשן״ אַ גוטן „ספּאָט״ . . .״

## דער מאָדערנער „באָנטשע שווייג“

כאָטש אונדזער טרעיד־יוניאָן און סאָציאַליסטישע באַוועגונג ווערט אָפּט פֿון ציניקער באַצייכנט ווי אַ פּראַקטישע ביזנעס־אונטערנעמונג אָן שום נשמה און אידעאַליזם, אַ באַוועגונג אין וועלכער עס איז פֿאַרקערפּערט דער אַמעריקאַנער גייסט פֿון ביזנעס און פּראָפּיטס, וועט איר דאָך געפֿינען אין איר מענטשן וואָס פֿאַרמאָגן נשמה, אידעאַליסטישע אָפּפּערוויליקייט, וואָס האָבן זיך איר אין גאַנצן אָפּגעגעבן, פֿאַרגעסן אָן זיך און דער אייגענער פֿאַמיליע.

אַזאַ טיפּ מענטש איז פֿייגענסאָן, וואָס איז אַ וויכטיקער טוער אין דער טרעיד־יוניאָן־באַוועגונג, און אויך אין דער סאָציאַליסטישער און קולטורעלער באַוועגונג אויף דער ייִדישער גאַס.

איז עמעצן איינגעפֿאַלן אַ געדאַנק צו אַראַנזשירן אַ באַנקעט פֿאַר דעם דאָזיקן טוער צו זײַן 50־יאָריקן יובילײ. דער באַנקעט איז געווען זייער דערפֿאָלגרײַך, מחמת דעם, וואָס סײַ די טרעיד־יוניאָן־באַוועגונג און סײַ דער סאָציאַליסטישער פֿאַרבאַנד, וואָס האָט דעם יובילײ געפֿײַערט, זײַנען געווען פֿאַרטראָטן מיט אַ גרויסער צאָל דעלעגאַטן כּדי צו ערן איינעם, וואָס האָט זײַן גאַנצן לעבן אָפּגעגעבן דער באַוועגונג.

אויף דעם באַנקעט האָט מען מיר צוגעטיילט דעם כּבֿוד צו האַלטן אַ רעדע וועגן דעם יובילאַר, אַזוי ווי איך האָב נישט געוואָלט האַלטן די געוויינטלעכע סקאַרבאָווע רעדע, וואָס אַלע האַלטן תּמיד אין אַזאַ פֿאַל, האָב איך לכּבֿוד דער געלעגנהייט אָנגעשריבן אַ פֿעליעטאָן, וואָס איך גיב דאָ איבער. איך האַלט אַז אין דעם פֿעליעטאָן שילדער איך איינעם פֿון די פֿײַנסטע און אינטערעסאַנטסטע טיפּן וואָס אונדזער באַוועגונג האָט פֿון זיך אַרויסגעגעבן.

*
**

— דער הײַנטיקער פֿופֿציקיאָריקער יובילײ, וואָס דער ייִדישער סאָציאַליסטישער פֿאַרבאַנד פֿײַערט לכּבֿוד גענאָסע פֿייגענסאָן איז היסטאָריש מיט דעם, וואָס דער „פֿאַרבאַנד" פֿײַערט שוין אויך יובילייען פֿון פּשוטע מיטגלידער. דאָס איז אַ באַשטעטיקונג פֿון די קלאַנגען, וואָס ס'טראָגן זיך אַרום די לעצטע צײַט אין די ענגע קרײַזן פֿון דער ייִדישער סאָציאַליס־טישער באַוועגונג, אַז זינט נ. כּאַנין איז געוואָרן אויס סעקרע־טאַר פֿון „פֿאַרבאַנד", הערשט אין דער אָרגאַניזאַציע אַ נײַער דעמאָקראַטישער גײַסט... מ'רעכנט זיך שוין מיטן פּראָסטן המון... ס'הערשט שוין דאָרטן נישט מער דער גײַסט פֿונעם „פֿירער", דאָס פֿאָלק האָט איצט דאָרט די גאַנצע דעה. דער הײַנטיקער באַנקעט פֿאַר אונדזער פֿרײַנד פֿייגענסאָן, איז דער בעסטער באַווײַז...

וואָלט נ. כּאַנין נאָך געווען הײַנט דער סעקרעטאַר פֿון „פֿאַרבאַנד", וואָלט קיינער נישט געוואוסט אַז פֿייגענסאָן איז אַלט געוואָרן 50 יאָר, און מיר וואָלטן דאָ הײַנט נישט געווען זיך צו פֿרייען אויף זײַנער אַ שמחה. ס'איז אַ פֿאַקט, אַז אין די אַלע יאָרן, וואָס כּאַנין איז געווען דער פֿירער פֿון „פֿאַר־באַנד", האָט מען נישט געהערט אַז מ'זאָל **פֿײַערן יובילייען** פֿון איינפֿאַכע מיטגלידער. דער איינציקן יובילײ וואָס דער „פֿאַרבאַנד" האָט געפֿײַערט אונטער כּאַנינס אַדמיניסטראַציע, איז געווען: כּאַנינס אייגענער יובילײ... דער נײַער גײַסט אין „פֿאַרבאַנד" דאַרף באַגריסט ווערן...

איצט ווערט שוין פֿאַר אונדז קלאָר פֿאַר וואָס דער „פֿאַר־באַנד" ווערט אַלץ גרעסער און גרעסער, און הונדערטער נײַע מיטגלידער שטראָמען הײַנט אַרײַן אין זײַנע רייען. די פּשוטע מיטגלידער זעען שוין איצט, אַז אויך זיי וועלן פֿריִער אָדער שפּעטער קריגן די אָנערקענונג מיט דעם וואָס מען וועט פֿײַערן זייערע יובילייען מיט באַנקעטן און זייער „פּיקטשע" וועט זײַן געדרוקט אין „פֿאָרווערטס", ווי דאָס האָט געהאַט דעם כּבֿוד

אונדזער פֿרײַנד פֿייגענסאָן. ווען דער „פֿאַרבאַנד" זאָל יעדע וואָך פֿײַערן אַזעלכע יובילייען, קען ער מיט דער צײַט ווערן די גרעסטע מאַכט אין אַמעריקע... ווײַל בעלנים אויף יובילייען און באַנקעטן זײַנען בײַ אונדז ברוך־השם דאָ גענוג...

***

נאָר הײַנט איז דאָך נישט כאַנינס יובילײ, וואָס איך האָב זיך דאָ אַזוי צערעדט וועגן אים. הײַנט פֿײַערן מיר דאָך דעם יובילײ פֿון גענאָסע פֿייגענסאָן. וועגן אים קען מען ריידן זייער אַ סך, מ'קען וועגן אים ריידן אַלס טרעיד־יוניאָניסט, אַלס סאָציאַליסט און אַלס מענטש. כאָטש אונדזער פֿרײַנד איז זייער פֿאַרקאָכט אין דער טרעיד־יוניאָן און אין דער אַלגעמיינער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, זײַנען דאָך די ביידע אָרגאַניזאַציעס אים פֿרעמד אין פֿאַרגלײַך מיטן יִדישן סאָציאַליסטישן פֿאַרבאַנד. פֿייגענסאָן און דער פֿאַרבאַנד איז ווי אַ צוזאַמענגעוואַקסענער צווילינג, נעמט אַוועק פֿייגענסאָנען פֿון „פֿאַרבאַנד" איז אוים פֿייגענסאָן און אוים „פֿאַרבאַנד"...

פֿייגענסאָן איז אַזוי צוזאַמענגעקניפּט מיטן „פֿאַרבאַנד", אַז ער האָט שוין געירשנט דעם „פֿאַרבאַנדס" אייגנשאַפֿטן. ער איז שוין 40 יאָר אין אַמעריקע און די ענגלישע שפּראַך איז אים פּונקט אַזוי פֿרעמד, ווי דעם „פֿאַרבאַנד"... „איסט בראָדוויי" איז פֿאַר אים גאַנץ אַמעריקע, פֿון קיין אַנדער גאַס ווייס ער נישט, און איר ווערט אים נישט זען אויף קיין אַנדער גאַס. פּונקט ווי מען קען נישט געפֿינען אויף אַן אַנדער גאַס דעם „וועקער"... ער וואוינט כּמעט אין דער „פֿאָרווערטס" געבײַדע און האָט אַפֿילו איבערגענומען די אייגנשאַפֿטן פֿון דער געבײַדע. די וואָס קענען פֿייגענסאָנען ווייסן, אַז ער האָט אַ טבֿע צו קריכן פּאַמעלעך און קומט אָפֿט שפּעט צו די מיטינגען. פֿייגענסאָן גייט מיט אַזאַ אימפּעט, ווי די עלעוויייטאָרס אין דער „פֿאָרווערטס" געבײַדע...

פֿייגענסאָן איז פֿאַרן „פֿאַרבאַנד" אַן אמתער אוצר. ער וועט

פֿארן „פֿאַרבאַנד" אַוועקגעבן דאָס לעצטע העמד. אָט איז אַ ביישפּיל: זיין לאָקאַל שיקט אים כּמעט צו אַלע קאָנווענשאָנס אַלס דעלעגאַט. ווי עס פֿירט זיך אין אונדזערע יוניאָנס, גיט מען דעם די־לעגאַט געװנג אויף הוצאות, אַז ער זאָל נאָך קענען אָפּשפּאָרן עטלעכע דאָלער זיך צו קויפֿן אַ נײַעם גאַר־ניטער אָדער אַ פּאָר שיך. איין מאָל איז פֿייגענסאָן געקומען צו אַ קאָנווענשאָן פֿון זײַן יוניאָן אין דעם זעלביקן גאַרניטער וואָס ער טראָגט יעדן טאָג אין שאָפּ און אין די זעלביקע צעדרייטע שיך, אין וועלכע ער גייט צו דער אַרבעט.

זײַנען צו אים צוגעגאַנגען עטלעכע דעלעגאַטן מיט אַ טענה: היתּכן, ברודער פֿייגענסאָן? וואָס האָסטו געטאָן מיט די פּאָר „טולער" וואָס דער לאָקאַל האָט דיר געגעבן צו דער קאָנווענ־שאָן? — ענטפֿערט פֿייגענסאָן אַ פֿאַרשעמטער — „איך האָב געהערט אַז דער „פֿאַרבאַנד" איז אויף צרות, האָב איך דעם טשעק, וואָס די יוניאָן האָט מיר געגעבן, אַוועקגעטראָגן אין אָפֿיס פֿון „פֿאַרבאַנד"...

פֿייגענסאָן רײַסט פֿאַרן „פֿאַרבאַנד" פֿון טויטע און לעבע־דיקע. צווישן די ברידער אין דער יוניאָן דערציילט מען אַז, ער איז אַ מאָל געזעסן אין אָפֿיס פֿון דער יוניאָן, ווען דער סע־קרעטאַר האָט אויסגעשריבן אַ טשעק פֿאַר דעם אַנדערטייקער פֿאַר אַן אויטאָמאָביל וואָס די יוניאָן האָט געדונגען צו אַ לוויה, רופֿט זיך אָפּ פֿייגענסאָן: — „אַן עבֿירה אַ מאַרקע, איך גיי דאָך סײַ ווי פֿאַרבײַ פֿאַר דעם פֿיונעראַל־פּאַרלאָר, וועל איך שוין איבערגעבן דעם טשעק.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט די יוניאָן געקראָגן אַ דאַנק־בריוו פֿון סעקרעטאַר פֿון „פֿאַרבאַנד" פֿאַר דעם בײַטראָג וואָס זי האָט געשיקט דעם „פֿאַרבאַנד" דורכן חבֿר פֿייגענסאָן...

***

דער לאָקאַל האָט איין מאָל געשיקט אַ גרויסע דעלע־גאַציע צו דער ערעפֿענונג פֿון קעמפּ גן־עדן. פֿאַרשטייט זיך,

אז פֿייגענסאָן איז געווען אין דער דעלעגאַציע. ווען מען איז געקומען אין קעמפּ, זײַנען די דעלעגאַטן אוועק אויפֿן פֿרײַען פֿעלד זיך באַקן אויף דער זון און הנאה האָבן פֿון דער שיינער נאַטור, אָבער אונדזער ברודער פֿייגענסאָן, אַ פֿאַרמאַטערטער פֿון דער רײַזע, איז אוועק אין באַנגאַלאָ און זיך געלייגט שלאָפֿן...

שפּעט בײַ נאַכט, איז די גאַנצע דעלעגאַציע אוועק אין וואַלד, געמאַכט אַ פֿײַער און געזונגען רעוואָלוציאָנערע און פֿאָלקס־לידער. פֿייגענסאָנען האָט מען נאָך אַלץ נישט געזען! האָבן אַ סך זיך געוואונדערט וואו ער האָט געקענט אַהינקומען, דאַכט זיך ער האָט זיך גאַנץ גוט בײַ טאָג אויסגעשלאָפֿן, וואו איז ער פֿאַרשוואונדן געוואָרן? — זײַנען אַלע געווען נײַגעריק צו וויסן.

עס איז שוין געווען 3 פֿאַר טאָג ווען די דעלעגאַציע איז צוריקגעקומען פֿונעם וואַלד און לעבן דעם אָפּיס געטראָפֿן עפּעס אַ מענטשן זיצן אויף אַ באַנק. דאָס איז געווען ברודער פֿייגענסאָן. ער איז געזעסן און געקוקט אויף די שטערן אין הימל. — „וואָס זיצסטו דאָ אַליין אַזוי שפּעט" — פֿרעגן בײַ אים עטלעכע ברידער זײַנע פֿון דער יוניאָן. — „איך נעם זיך אַ סאַן־באַטה..." — האָט פֿייגענסאָן געענטפֿערט.